# די לעצטע געשעהניסען אין רוסלאנד

# און אונזערע אופגאבען.



ארויסגעגעבען פון מינסקער „פועלי ציון".

תרסה

1905

# די לעצטע געשעהניסען אין רוסלאנד און אונזערע אויפגאבען.

אין ערנסטען און הייכען מאמענט האבען מיר איבערגעלעבט און מיר לעבען נאך יעצט אויך איבער אין רוסלאנד. די יאנואר-געשעהניסען אין פעטערבורג זיינען געקומען אונגעריכט פיר אללעמען, ניט נאר מיר, וועלכע שטעהען ווייט פון דער רוסישער רעוואלוציאנערער בעוועגונג, נאר אפילו די, וועלכע האבען שאן לאנג געזאגט, אז די רעוואלוציע איז נאהענט, האבען זיך אויך ניט געקאנט ריכטען אויף אזעלכע געשעהניסען. די בעוועגונג אין פעטערבורג איז פארברייטעט געווארען ניט פון פראפעסיאנעלע רעוואלוציאנערן און ניט זיי, די פראפעסיאנעלע רעוואלוציאנערן, זיינען געוועזען איהרע אנפיהרער. עס איז שווער געוועזען צו ערווארטען, אז גראד אונטער דער אנפיהרונג פון אגייסטליכען, וואס נאך אללע טהעאריען אין דער וועלט דארף ער זיין איין ענטשיעדענער געגנער פון פרייהייט, וועט זיך אופהייבען די רוסישע ארבייטער-מאסע און דערמיט וועט זיך אנהייבען די רוסישע רעוואלוציע. ווער ווייס? אפשר מיט אטאג פריהער האט דער זעלבער אנפיהרער ווירקליך ניט געטראכט וועגען דער רעוואלוציע, ער האט אפשר געגלויבט צוזאמען מיט זיינע אנהענגער, אז די הארץ פון דעם קייזער איז גוט און די בקשה, וועלכע מען האט געוואלט דערלאנגען, וועט אנגענומען ווערען.....

אין דער פראווינץ האבען מיר זיך די אללע דעטאלען דערוואוסט ערסט אין אצייט ארום, בעת עס זיינען אנגעקומען פריוואטע ידיעות פון פעטערבורג. דאן ערסט האט זיך ארויסגעוויזען, אז די פעטערבורגער ארבייטער זיינען געוועזען אונבעוואפענט, די בעוועגונג זעלבסט האט געטראגען אפריעדליכען כאראקטער, און נאר די מערדערישע בעהאנדלונג פון דער זייט פון דער רעגיערונג האט איהר צוגעגעבען דעם כאראקטער פון איין אונטערדריקטען אופשטאנד. אין דער אפיציעלער מיטטיילונג פון דער רעגיערונג ווערט די זאך פארגעשטעלט גאנץ אנדערש, דארטען ווערט דערצעהלט פון אבעוואפענטען יודישען סטודענט, פון אפגענומענע געוועהר, פון אפפער, וועלכע זיינען געפאלען פון ביידע זייטען..... עס ווערט אפילו דערצעהלט, אז פון די פענסטער פון די הייזער האט מען געשאסען אין די סאלדאטען. דאס אלץ איז נאטירליך מיט אכוון צוגעגעבען געווארען, כדי צו פערגרינגערן די שרעקליכע רציחות, די גרויסע צאהל פון די געפאלענע אפפער. אבער צוליעב דעם גופא האט די אפיציעלע מיטטיילונג פון דער רעגיערונג געמאכט נאך אשטארקערען רושם, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די צאהל פון די געפאלענע אפפער איז דארטען פארקלענערט געווארען.

דער רושם פון דער אפיציעלער מיטטיילונג איז געוועזען אמוראדיגער. עס האט זיך געדוכט, אז דער רוסישער פאלק איז עפעס מיט אמאל אויפגעוואקסען, ער האט פלוצלונג דערפיהלט אין זיך אריעזענהאפטע מאכט און ער האט זיך פעסט ענטשלאסען אראפצווארפען דעם יאך פון די אונטערדריקער. אין די פארגעקומענע געשעהניסען האט מען געזעהען נאר איין אנהייב, מען האט מיט אונגעדולד געווארט אויף ווייטערדיגע ערנסטע געשעהניסען. מען האט ערווארטעט, אז די פעטערבורגער געשעהניסען וועלען געפינען אמעכטיגען אפקלאנג אין גאנץ רוסלאנד, אז אומעטום וועלען אפשטעהען די רוסישע ארבייטער און וועלען ארויסטרעטען אפען געגען דער רעגיערונג.

אבעזאנדערס שטארקע אופרעגונג האט דאס אלץ ארויסגערופען ביי דער יודישער יוגענד. זי האט פערשטאנען די בעדייטונג פון אזעלכע געשעהניסען און זי האט זיי גלייך אנגערופען מיט דעם נאמען „רעוואלוציע". „די רעוואלוציע האט זיך שאן אנגעהייבען"—דאס איז געוועזען דער איינדרוק, וועלכען עס האט אויף אונז אללעמען געמאכט די ערסטע נאכריכט פון פעטערבורג. מיר האבען זיך געריכט אויף וויכטיגע געשעהניסען אויך ביי אונז אין ליטא. עס איז ביי אונז כמעט געוועזען געוויס, אז דעם מאל וועט שוין דער יודישער פראלעטאריאט ניט זיין אלליין, צוזאמען מיט איהם אדער נאך פריהער פון איהם וועט אופשטעהען די רוסישע ארבייטער-מאסע, וועלכע האט שאן פיר זיך אזא וויכטיגען פארבילד ווי פעטערבורג. מיר האבען גערעכענט, אז פאר אונזערע אייגען וועלען פארקומען אין אקלענערען מאסשטאב דיעזעלבע געשעהניסען ווי אין פעטערבורג אזוי, ווי מיר האבען זיי זיך פארגעשטעלט נאך דער אפיציעלער ידיעה.

אויף אונז „פועלי-ציון", האבען די געשעהניסען אויך געמאכט אטיעפען איינדרוק. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז אין רוסלאנד הייבט זיך ווירקליך אן אנייע עפאכע. ביז אהער האבען מיר נאר געהאט צו טאן מיט געוויסער רעוואלוציאנערער פראפאגאנדע, וועלכע האט ארומגענומען אגאנץ קליינעם קרייז פון רוסישע ארבייטער, יעצט, ווי עס ווייזט אויס, הייבט זיך אן איין ערנסטער קאמפף. געוויסע וויכטיגע פאקטארען, וועלכע ווירקען שטארקער ווי דער פראפאגאנדא, האבען אופגעוועקט די איינען פריהער דער רוסישער געזעלשאפט, דערנאך דער רוסישער מאסע, און זיי האבען אנגעהויבען צו פאדערן הויך זייערע רעכטע.

ביי אונז „פועלי ציון" איז פריהער ניט בעהאנדעלט געווארען די פראגע, ווי מיר דארפען זיך האלטען אין אזעלכע מאמענטען, ביז דער לעצטער צייט האבען מיר ניט געהאט קיין

גרונד צו בעהאנדלען דיעזע פראגע, ווייל דאס וואלט געווען נאר אהרכתא למשיחא. אבער, האין די פראגע איז פריהער ניט בעהאנדעלט געווארען, פונדעסטוועגען איז כמעט פאר אללעמען פון אונז געוועזן קלאר, וויא מיר וועלען זיך האלטען, אויב די ערווארטעטע ערשיינונגען וועלען פארקומען. מיר האבען געוואוסט, אז מיר וועלען בשום אופן ניט ארויסטרעטען די ערסטע, מיר וועלען זיך ניט בעטייליגען אין דעמאנסטראציעס. אויב זיי וועלען טראגען ארויך-יודישען האראקטער. דערפאר אבער האבען מיר געוואוסט, אז אויב עס וועלען ווירקליך אויפשטעהען די רוסישע ארבייטער, און די בעוועגונג וועט טראגען איין אללגעמיינעם האראקטער, וועלען מיר אויך ניט בלייבען שטעהען פון וויטען. מיר האבען געפיהלט, אז אנדערש קאן דאס ניט זיין, און מיר האבען געוואוסט, אז אנדערש וועט עס ניט זיין. דער וויכטיגסטער מאטיוו אונזערער איז ניט געוועזען דער, וואס די רעוואלוציע וועט פיעל ווייניג פערבעסערן אונזער לאגע אין רוסלאנד. די רוסישע רעוואלוציע איז היינט אפך נעהענטער, אוידער מען האט געקאנט ערווארטען מיט איאהר צוריק. פונדעסטוועגען קענען מיר היינט אויך ניט אנגעהמען דעם פאליטישען קאמפף, וויא א סיסטעמאטישע ארבייט, וועלכע געהערט צו אונזער געגענווארטס-פראגראם. צו אונזער געגענווארטס-ארבייט קענען מיר רעכנען נאר אזעלכע שטרעבונגען, וועלכע מיר קענען פערווירקליכען מיט אונזערע אייגענע קרעפטען אדער ווייניגסטענס ביי וועלכע מיר קענען נעהמען אויף זיך די איניציאטיווע און שפיעלען אוויכטיגע ראלע, אויסער דעם דארפען מיר זיין פערזיכערט, אז די פערווירקליכונג פון דיעזע שטרעבונגען וועט אונז געוויס ברענגען נוצען. דא אבער פעהלען דיעזע ביידע תנאים. ניט נאר די איניציאטיווע קענען מיר אויף זיך ניט נעהמען, נאר אפילו שפיעלען אין דער בעוועגונג א וויכטיגע ראלע איז פיר אונז אונמעגליך. וויא גרויס עס זאל ניט זיין אונזער אנטייל אין דער רעוואלוציע, קען ער פיר איהר ניט האבען קיין ענשיידענע בעדייטונג, ווייל דער צענטער פון דער רוסישער רעוואלוציע וועט זיין יעדענפאלס ניט אין דער „משערטא". דער איינציג וויכטיג טרעגער פון דער רוסישער רעוואלוציע קאן און מוז זיין נאר דער רוסישער פאלק, דערזעלבער, אויף וועמען די יעצטיגע רעגיערונג האט זיך די גאנצע צייט געשטיצט, און טאקע צוליעב דעם גופא איז די פערבעסערונג פון אונזער לאגע נאך דער רעוואלוציע א „דבר המוטל בספק". מיט אונזער אנטייל אין דער רעוואלוציע קענען מיר קיינעם ניט צווינגען צו געבען אונז געוויסע רעכטע, מיר קענען נאר די רעכטע „פערדיענען", און דא ווענדט זיך שאן אן דעם, וויא די רוסישע געזעללשאפט וועט אונזער פערדיענסט אפשאצען. אויב זי וועט זיין אין אגוטער שטימונג און זי וועט אונזער פערדיענסט אנערקענען, דאן וועט זי אונז געוויסע רעכטע שענקען אבער מיר וועלען קיין מאל ניט האבען די מאכט איינצוהאלטען די געשענקטע רעכטע און בענוצען זיך מיט זיי אויף איין אמת. אויב מיר זאלען ארויסשטעלען, וויא אמאטיוו פיר אונזער אנטייל אין דער רעוואלוציע, דעם קליינעם נוצען, וועלכען די רעוואלוציע וועט אונז אפשר ברענגען, דאן איז א פראגע, צי לוינט אונז צוליעב דעם ברענגען אזעלכע אפפער.....

מיר זיינען דא הויפטזעכליך ארויסגעגאנגען פון אגאנץ אנדערען שטאנדפונקט. מיר האבען זיך אין דיעזען מאמענט איבערהויפט ניט גערעכענט מיט דער ניצליכקייט. מיר האבען געקוקט אויף דער זאך, וויא אויף איין עהרענפראגע. עס זיינען דא געוויסע מאמענטען, וואו אויף יעדער עהרליכען מענשען ליעגט אהייליגער חוב צו פעראייניגען זיך מיט די, וועלכע קעמפפען פיר פרייהייט און מענשענרעכט גאר ניט רעכענדיג זיך מיט דעם, אויף וויעפיעל די גרופע, צו וועלכער מען געהערט זעלבסט, איז אין דיעזעם קאמפף פעראינטערעסירט. און גראד אזא מאמענט האבען מיר יעצט פאר זיך געזעהען.

לעבענדיג אינטער דער ווירקונג פון געוויסע היסטארישע בעדינגונגען, וועלכע זיינען ניט פערבונדען מיט דיעזער אדער יענער ארדנונג אין רוסלאנד, האבען מיר פאר זיך אבעזונדערע היסטארישע אויפגאבע, וועלכע האט ניט קיין שום שייכות צו דער יעצטיגער בעוועגונג אין רוסלאנד. אבער אין דער זעלבער צייט האבען מיר געוויסע אללגעמיינע פאליטישע איבערצייגונגען, געוויסע מיינונגען איבער אללע פראגען פון געזעלשאפטליכען לעבען. מיר וויסען, וויא די געזעלשאפט דארף זיין געארדנעט, כדי אין איהר זאל זיין געזיכערט די פרייהייט פון יעדער איינציגען, מיר מוזען דאס וויסען, ווייל מיר ווילען פערברייטען דעם יודישען פאלק צו אזעלבסטשטענדיגען פאליטישען לעבען. דאס אלין מוז ביי אונז ארויסרופען געוויסע סימפאטיען און אנטיפאטיען בנוגע צו די פערשיעדענע עלעמענטען פון דער ארומיגער געזעלשאפט. דער דעספאטיזמוס פון דער רוסישער רעגיערונג קאן ביי אונז, פערשטעהט זיך, קיין אנדערע געפיהלען, אויסער האס, ניט ארויסרופען. און דיזער האס צו די אונטערדריקער פעראייניגט אונז מיט די יעצטיגע אונטערדריקטע, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מיר וויסען ניט, צי זיי וועלען ניט ווערען שפעטער אונזערע אונטערדריקער. דעם קאמפף געגען דעם רוסישען דעספאטיזמוס האבען מיר ניט געקאנט ערנעהענטערן, אבער וויא באלד דער קאמפף האט זיך אנגעהויבען און ער קומט פאר פאר אונזערע אויגען, קענען מיר ניט קוקען קאלטבלוטיג, וויא עס ווערט פערגאסען אונשולדיגע בלוט. מיר האבען איין אלטען כלל: „לא תעמד על דם רעך". מיר קענען ניט נאכמאן די רוסישע אינטעליגענטען פון קישינעוו, וועלכע זיינען געשטאנען און האבען געקוקט, וויא עס גיעסט זיך מענשליכע בלוט. זעהענדיג מיט אונזערע אויגען, וויא מענשען אפפערן זייער לעבען פיר אהייליגע זאך, קענען מיר ניט שטעהען פון וויטען, ווייל דאס איז פשוט אונמעגליך. אפאטיי קאן זיך ניט פערנעהמען סיסטעמאטיש מיט אזעלכע זאכען, וועלכע האבען פיר איהר ניט קיין פראקטישע בעדייטונג. אבער אין אגעוויסען מאמענט אונטערשטיצען אגעזעלשאפטליכע בעוועגונג, וועלכע פערדיענט אונזער פאללע סימפאטיע און מיטגעפיהל, דאס איז עטוואס אנדערעס. דאס פאדערט צייטענווייז די עטיק פון יעדער פארטיי.

אזוי איז געוועזען אונזער שטימונג נאך די פעטערבורגער געשעהניסען. מיר זיינען געוועזען בערייט צו ברענגען אפפער פיר אזאך, פון וועלכער מיר זעלבסט ערווארטען ווייניג. אבער.. דער לעבען האט אונז אנגעגאסען מיט קאלטע וואסער. ער האט אונז דערמאהנט, אז עס איז נאך ווייניג, וואס מען איז בערייט צו ברענגען אפפער, מען דארף נאך האבען די מעג-

ליבקייט צו אפפֿערן זיך אויף אזא אופן, אז דאס זאל ברייננגען וועלכע עס איז נוצען, און דיעזע מעגליכקייט קענען דא שאפען נאר אנדערע..... עס האט זיך א.געהייבען דער אללגעמיינער פאליטישער שטרייק אין ליטא. דעם שטרייק האט אומעטום ארויסגערופען דער „בונד". אונז איז דאס, פערשטעהט זיך, ניט איבעריג געפעלען. מיר האבען געוואוסט, אז מיר קענען ניט און דארפען ניט שפיעלען די ראלע פון אנפיהרער ביי איין אללגעמיינעם פאליטישען שטרייק, אבער וויע באלד דער שטרייק איז געשטעלט געווארען, האבען מיר שאן צו איהם גע־מוזט צושטעהען, ניט צושטעהען צו אשטרייק הייסט דאך שטע־רען דעם שטרייק, און שטערען דעם שטרייק האבען מיר, יעדענ־פאלס ניט געוואלט. אייניגע פון אונז האבען אפילו דעראן גע־נימען איין אקטיווען אנטייל און זיינען געגאנגען אראפנעהמען אנדערע פון דער ארבייט. אנדערע פון אונז האבען זיך געהאלטען פאסיוו, ד. ה. זיי האבען געווארפען די ארבייט צוזאמען מיט די איבעריגע, זיי זיינען אבער קיינעם ניט געגאנגען אראפנעה־מען; וויע דאס איז, קיינער האט דעם „בונד" ניט געשטערט, און ער האט זעהר לייכט דערגרייכט זיין ציעל..... ביי די יודי־שען ארבייטער. אבער דא איז פארגעקומען אוואונדערליכע ער־שיינונג: דער „בונד", וועלכער שרייט שטענדיג, אז מיר זיינען דא ניט קיין פרעמדע, מיר זיינען דיעזעלבע רוסישע בירגער, וויע אללע, מיר וועלען זיך ניט אויסבעטען קיין רעכטע, נאר מיר וועלען זיי נעהמען, דערזעלבער „בונד" האט עפעס מיט אמאל אנערקענט זיין שוואכקייט און האט זיך אפגעשטעלט אין מיטען. די קריסטליכע ארבייטער אין ליטא זיינען ניט צוגע־שטאנען צום שטרייק, און דער „בונד" האט אין גאנצען פער־לארען דעם מוט. די בונדיסטען האבען זיך אומגעקעהרט צו דער ארבייט, און מען האט אפילו אופגעהערט צו טראכטען וועגען אדעמאנסטראציע. דעם „בונד"'ס קרעדיט איז אויף אגע־וויסען מאמענט שטארק געפאלען. מען האט געפיהלט, אז דער „בונד" האט דא בעוויזען זיין שוואכקייט, האץ ניט אללעמען איז געווען קלאר, אין וואס אייגענטליך די שוואכקייט בע־שטעהט.

מיר האבען בעקומען ידיעות כמעט פון אללע וויכטיגע שטעדט פון ליטא, און דער בילד איז כמעט אומעטום דערזעל־בער. דער אנטייל פון די קריסטליכע ארבייטער – דאס איז גע־ווען די ערשטע און וויכטיגסטע בעדינגונג, אז דער שטרייק זאל זיך איינגעבען. און אזוי וויע אין ליטא זיינען די קריסט־ליכע ארבייטער געסטענטיילס ניט צוגעשטאנען, האט זיך צו־ליעב דעם דער שטרייק ניט איינגעגעבען. מיר גיבען איבער אין קורצען די ידיעות, וועלכע עס זיינען אונז וועגען דעם אנגעקומען:

דווינסק, מיטוואך, דעם 12 יאנואר האט דער היעגער קאמיטעט פון „בונד" בעקומען אבעפעהל פון צענטראל־קאמיטעט צו ארגאניזירען איין אללגעמיינעם פאליטישען שטרייק, און גלייך האבען זיך וועגען דעם אנגעהייבען פערהאנדלונגען צווי־שען דעם בונדישען קאמיטעט און דעם קאמיטעט פון „איסקרא". צו וואס פיר אבעשלוס די פערהאנדלונגען האבען געבראכט, וויסען מיר ניט בעשטימט. אייניגע זאגען, אז דער קאמיטעט פון „איסקרא" האט זיך גאר ניט אנגענומען צו שטעלען די קריסטליכע ארבייטער פון שטארט. אנדערע זאגען, אז ער האט זיך זיי אנגענומען, נאר ער האט ארויסגעשטעלט ווייניג אקטי־ווע קרעפטען. וויע דאס איז, מען האט געגלויבט, אז עס וועט זיך איינגעבען אראפצושטעלען די ארבייט אין דעפא. מען האט אייגענטליך געוואלט אפווארטען מיט דעם שטרייק, ביז די ארבייטער פון דעפא וועלען מוזען אראפגעהען, אבער עס איז שאן געווען צו שפעט, ווייל דער שטרייק אין די יודישע ווערקשטא־טען האט זיך שאן אנגעהייבען. פרייטאג דעם 14 יאנואר הא־בען געשטרייקט כמעט אללע יודישע-ווערקשטאטען און אויך אייניגע ווערקשטאטען, וואו עס ארבייטען יודען מיט קריסטען צוזאמען, די גרעסערע פאבריקען, אויף וועלכע עס ארבייטען גרעסטענטיילס אדער דורכאויס קריסטען, האבען זיך ניט אפגע־שטעלט. פערזיכערנדיג דעם עולם, אז מארגען וועט אפגע־שטעלט ווערען די ארבייט אין דעפא, האט מען זונטאג, דען 16 יאנואר אראפגענומען די יודישע ארבייטער פון זאקס שוועבלאך־פאבריק. די קריסטליכע ארבייטער פון דערזעלבער פאב־ריק זיינען אויף מארגען געקומען צו דער ארבייט, אבער די פאבריק איז געווען געשלאסען. דעםזעלבען מאנטאג האט זיך נאך איינגעגעבען אפצושטעלען די ארבייט אין וואלערשטיין'ס שטוהלען־פאבריק, וואו עס ארבייטען קריסטען מיט יודען צוזא־מען, אבער דער מוט פון די שטרייקענדע איז שאן אין יענעם טאג שטארק געפאלען, ווייל עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער דעפא וועט צו דעם שטרייק ניט צושטעהען. דער „בונד" האט אפילו געוואלט פארטזעצען דעם שטרייק, ניט קוקענדיג אויפ'ן דעפא, אבער קיינער האט איהם ניט געהערט. דיענסטאג האט דער עולם אנגעהייבען אומצוקעהרען זיך צו דער ארבייט, און מיטוואך האבען שאן אללע ארגאניזירטע בונדיסטען געארבייט אין שטאדט האט די געשיכטע געמאכט זעהר אשווערען איינ־דרוק. דער „בונד" האט פיעל פערלארען אין די אויגען פון דער געזעלשאפט.*)

מאהילעוו. די פעטערבורגער געשעהניסען האבען גע־מאכט אשווערען איינדרוק אויף דער היעגער יודישער בעפעל־קערונג. מען האט אנגעהייבען זעהר פיעל צו ריידען וועגען דער פארשטעהענדער איבערקערעניס, אויף וועלכע אונזערע יודען ליגען זעהר גרויסע האפנונגען. פריהער פון אללעמען האבען זיך אנגערופען די בונדיסטען. דען 12 יאנואר האבען זיי ערקלערט איין אללגעמיינעם שטרייק, דער גרעסטער טייל ארבייטער האבען געלאזען די ארבייט. די יודישע פארמאציע־טען האבען אויך ניט געארבייט. אבער דער שטרייק האט זיך אין דעם טאג ניט איינגעגעבען, ווייל אללע קריסטליכע אר־בייטער און אויך אטייל יודישע האבען געארבייט. דעם 20־טען יאנואר האט דער „בונד" אצווייטען מאל געפרופט מאכען איין אללגעמיינעם שטרייק, אבער דער רעזולטאט איז געווען דער־זעלבער: אין די קליינע יודישע ווערקשטאטען האט מען ניט

---

*) וועגען דעם, וואס איז פארגעקומען אין דווינסק אי־אחודש ארום, האבען מיר נאך ניט קיין אויספיהרליכען בעריכט, אבער וואס דארטען איז שפעטער פארגעקומען ענדערט דאס ניט דעם פאקט, אז בעת מען האט אנגעהייבען פון די יודישע ארבייטער האט זיך פון דעם אללגעמיינעם פאליטישען שטרייק אין דווינסק גאר נישט ארויסגעלאזען.

געארבייט, אין די גרעסערע פאבריקען, וואו די ארבייטער זיינען גרעסטענטיילס קריסטען, האט זיך די ארבייט ניט אפגעשטעלט. נאך מעהר, אין די לעדער-פאבריקען, וואו עס ארבייטען צוזאמען יודען און קריסטען, האבען די ערסטע געשטרייקט, די לעצטע, צווישען וועלכע עס געפינען זיך אייניגע ארגאניזירטע, זיינען צום שטרייק ניט צוגעשטאנען, און וויעפיעל די יודישע ארבייטער האבען זיי ניט צוגערעדט, זיי זאלען ווארפען די ארבייט, איז אלץ געווען אומזיסט. ביי ראמאשקעוויטש'ן אין אפטייק (ער אלליין איז אפטייקער) איז ביז דעם 12 יאנואר דער פערסאנאל בעשטאנען גרעסטענטיילס פון יודען. צווישען זיי האבען זיך געפונען נאר 2 פאליאקען. דען 12 יאנואר האבען די יודישע פאר-אצעניטען ניט געארבייט, די 2 פוילישע האבען געארבייט. אויף מארגען האט ראשקעוויטש צוליעב דעם אפגעזאגט די יודישע פארמאצעווטען, מען האט אנגעהויבען צו פאדערן פון די 2 פוילישע פארמאצעווטען, זיי זאלען האין דעם מאל איינשטעלען זיך פיר זייערע ענטזאגטע קאלעגען. מען האט ביי זיי געווען געפועל'ט, זיי זאלען לאזען די ארבייט, אבער זיי האבען ניט געהאלטען וואָרט און זיינען גלייך אוועקגעגאנגען צו דער ארבייט......

דען 20 יאנואר האט דער „בונד" געוואלט מאכען איין עפענטליכע דעמאנסטראציע, אבער נאר מיט דעם תנאי, אז די קריסטליכע ארבייטער זאלען זיך אויך בעטייליגען אין איהר, און אזוי וויע דאס האט זיך ניט איינגעגעבען, איז די דעמאנסטראציע בטל געווארען, און 3 טעג ארום האבען די „איסקראוויצעס" געמאכט איין דעמאנסטראציע, אין וועלכער עס האבען זיך בעטייליגט קריסטליכע ארבייטער, שילער און אנדערע. דער שטרייק האט אלזא קיין שטארקען רושם אין שטאדט ניט געמאכט. דערפאר האט מען אויף ליזגאלאוו (פארשטאדט פון מאהילעוו) און אין אייניגע אנדערע ערטער אנגעהויבען צו ריידען צווישען די קריסטליכע „מעשטשאנעס", אז אויב די יודען וועלען זיך בונטעווען, וועט מען זיי מאכען א „באד"..... שטארקע אנצוהערענים אויף דעם האט אויך געגעבען דער בעריהמטער מאהילעווער פאליצמייסטער ראדינאוו......

באברויסק. זונטאג, דען 16 יאנואר האט זיך ביי אונז אנגעהויבען אפאליטישער שטרייק, וועלכער האט געדויערט א וואך צייט. נאך דער שטימונג, וועלכע מען געהערט ביי די בונדיסטען, בעת דער שטרייק האט זיך געהויבען און עטוואס פריהער, האט מען געקאנט רעכענען, אז דער שטרייק וועט דויערן זעהר לאנג. אויף די בונדישע פערזאמלונגען, וואו מען האט אגיטירט פיר דעם שטרייק, איז געזאגט געווארען ניט איין מאל, אז מען וועט זיך ניט אומקעהרען צו דער ארבייט, וואו עס וועלען ניט ערפילט ווערען אללע פאליטישע פאדערונגען, צי מען האט ערנסט געגלויבט אין אזעלכע ווערטער, אדער מען האט געוואלט דעם עולם צוהיצען, דאס איז ניט וויכטיג. יעדענפאלס איז די שטימונג ביי די יודישע ארבייטער און ביי דער אינטעליגענץ געווען א געהויבענע. אויף זייטיגע מענשען האט דיעזע שטימונג אויך געמאכט א שטארקע ווירקונג. מען האט זיך מיט גרויס אינטערעס צוגעהערט צו די רייד פון די ארבייטער און מען האט ערווארטעט עטוואס וויכטיגעס. אז עס וועט פארקומען איין עפענטליכע דעמאנסטראציע, וועגען דעם איז בכלל ביי קיינעם קיין ספק ניט געווען. אדער שוין אין אפאר טעג ארום האט זיך די שטימונג אומגעביטען. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז די קריסטליכע ארבייטער ווילען צום שטרייק ניט צוגעשטאנען, די הייוועןפאבריק און דער זעגמיהל (לעבעדינא), וואו די ארבייטער זיינען קריסטען, האבען ניט אויפגעהערט צו ארבייטען, נאך מעהר, דא וואו עס ארבייטען צו אמאל קריסטען מיט יודען, צ. ב., ביי אשלער, האבען די קריסטען די גאנצע צייט געארבייט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די יודען האבען די ערסטע צוויי טעג געשטרייקט. מען האט געפרופט מאכען א ווירקונג אויף די ארבייטער פון די הייוועןפאבריק, די בונדיסטען זיינען אהינצו געקומען צוזאמען מיט עטליכע אנגעזעהענע רוסישע ארבייטער, און איינער פון די לעצטע האט געהאלטען פאר די ארבייטער א פייערדיגע רעדע, עס האט געוועזען אויסגעזעהען, אז דער עולם הערט זיך צו צו די רייד. מיט אמאל האט זיך דערהערט א געשריי: „ביי זשידאוו", די ארבייטער פון הייוועןפאבריק זיינען אנגעפאלען אויף די בונדיסטען און עס האט זיך אנגעהויבען א געשלעג......

דאס אלין האט אנגעשלאגען דעם מוט ביי די שטרייקענדע יודישע ארבייטער, און אז די פאליציי האט אנגעהויבען אפצושטעלען יודישע ארבייטער אין מיטען גאס און ארומצוזוכען זיי דארטען, האט דער עולם די לעצטע צייט אויפגעהערט צו ווייזען זיך אויף די גאסען, קיין עפענטליכע דעמאנסטראציע איז ניט פארגעקומען, דערפאר טרעפט גאנץ אפט, אז עס ווערט מיט אמאל אין שטאדט אטומעל, און מען הייבט זיך אן צו שרעקען פאר אפאגראם.

וועגען באברויסק לעזען מיר אויך אין № 214 „לעצטע נאכריכטען", מיר האבען ניט גערופען צו אנשטרייק, ווייל מיר האבען פערשטאנען, אז א שטרייק קען ביי אונז האבען אבעדייטונג נאר ביים אלגעמיינעם אויפרוף פון אללע ארבייטער — סיי יודען, און סיי קריסטען, און דאס רעדט זיך וועגען אזא שטאדט וויע באברויסק, וואו קיין גרויסע פאבריקען זיינען ניטא, וואו די צאהל פון קריסטליכע ארבייטער אין פערגלייך מיט דער צאהל פון די יודישע איז זעהר קליין.

ביאליסטאק. די פארבערייטונגען צו איין אלגעמיינעם פאליטישען שטרייק האבען זיך אנגעהויבען ביי אונז נאך פון דעם 12-טען יאנואר. דער „בונד" איז אריין אין פערבינדונג מיט דער פוילישער נאציאנאל-דעמאקראטישער ארגאניזאציע (פ. פ. ד.) און אנדערע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען געוואלט נעהמען איין אנטייל אין דיעזע פארבערייטונגען, צ. ב., די סאציאליסטען-רעוואלוציאנערען, האט דער „בונד" פשוט געשטערט. מען האט אנגעהויבען פון די יודישע ארבייטער, ווייל מען האט געגלויבט, אז דאס וועט האבען א ווירקונג אויף די קריסטליכע ארבייטער. נאך שבת צו נאכט, דען 15 יאנואר, האבען די יודישע בעקער אבגעשטעלט די ארבייט, אבער דאס האט ניט געווירקט אויף די קריסטליכע בעקער, און זיי האבען די ארבייט ניט אויפגעשטעלט. מאנטאג, דען 17 יאנואר, האבען אללע גרויסע פאבריקען, וואו די ארבייטער זיינען דורכאויס קריסטען, געארבייט, וויע געוועהנליך. דאס האט געמאכט א שווערען איינדרוק אויף די יודישע ארבייטער. אבער דער „בונד" האט ניט געוואָרט

די האפנונג. נאך פיעלע אנשטרענגונגען האט זיך די בונדיסטען צוזאמען מיט די ארגאניזירטע קריסטליכע ארבייטער מאנטאג איינגעגעבען אפצושטעלען צוויי דאמפף מיהלען און אויף מארגען האט זיך מיט דיעזעלבע אנשטרענגונגען איינגעגעבען אפצושטעלען נאך דריי דאמפף־פאבריקען, דערמיט האט זיך אבער דער ערפאלג געענדיגט. מיטוואך זיינען דיעזעלבע קריסטליכע ארבייטער, וועלכע מען האט מיט אטאג פריהער וויע עס איז אראפגענומען, וויעדער אוועקגעגאנגען צו דער ארבייט. דא האט זיך שאן דער „בונד" פערלארען. נאך פון מאנטאג אן האבען זיך די יודישע ארבייטער געריכטען צו דער ארבייט, ווייל זיי האבען געזעהען, אז די קריסטען שטעהען ניט צו. מען האט זיי וויע עס איז אפגעהאלטען מיט דער האפנונג, אז סוף כל סוף וועלען די קריסטען אלליין צושטעהען. אז עס האט זיך אבער אויסגעלאזען גארנישט פון דיעזער האפנונג, האט שאן דער „בונד" קיינעם ניט געקאנט מעהר אפהאלטען, און דאנערסטאג האבען זיך אללע אומגעקעהרט צו דער ארבייט.

אין דעמזעלבען ביאליסטאק האט זיך אין אחודש ארום וויעדער אנגעהייבען אשטרייק. דעם מאל אבער האט זיך אנגעהייבען פון די גרויסע פאבריקען, וואו עס ארבייטען קריסטען. דיעזער שטרייק האט ארומגענומען גאנץ שטאדט און האט געמאכט אשרעקליכען רושם.

וועגען **האמעל** לעזען מיר אין № 214 „לעצטע נאכריכטען": דער שטרייק האט זיך ביי אונז אנגעהייבען זונטאג, דען 16 יאנואר. עס זיינען צוגעשטאנען צום שטרייק אללע ארבייטער און אנגעשטעלטע (פריקאזציקעס) פון די געשעפטען, אפילו די עלטערע. אין דעם טאג איז דער בילד געוועזען אגרויסארטיגער, אללע קראמען זיינען געוועזען פערשפארט, און פיעלע (?) באנקען האט מען ניט געארבייט, אללע קאנטארען ביז איינע זיינען געוועזען צוגעמאכט, אויף די גאסען איז געוועזען אגרויסע מאסע ארבייטער, פערזאמלונגען זיינען געוועזען אהן איין אויפהער. עס זיינען אויך געוועזען צוזאמענשטאסען, אבער ניט גאר קיין גרויסע. היינט האט זיך דער בילד אומגעביטען. אללע ארבייטער און אנגעשטעלטע און אויך די „געזעלשאפט", האבען ערווארטעט אז צום שטרייק וועט צושטעהען דער דעפא, אבער דארטען האט זיך פון פריה אנגעהייבען די ארבייט, און דאס האט שלעכט געווירקט אויף די אללגעמיינע שטימונג. די עלטערע אנגעשטעלטע זיינען אוועקגעגאנגען אין די אויפגעעפענטע קראמען, די יונגע ווייסען ניט, וואס זיי זאלען טאן. **פיעלע ארבייטער רייסען זיך אין די ווערקשטאטען און פאבריקען**... אין דעמזעלבען № „לעצטע נאכריכטען" איז דא אצווייטע מיטטיילונג פון האמעל פון 19 יאנואר, וועלכע הייבט זיך אן מיט פאלגענדע ווערטער: „**דער שטרייק דויערט נאך, האין פיעלע רייסען זיך אין די געשעפטען און צו דער ארבייט.** דער דעפא איז צום שטרייק ניט צוגעשטאנען...

**גראדנא** איז געוועזען די איינציגע שטאדט, וואו דער „בונד" האט דעם מאל ניט געהאט קיין ערפאלג אפילו ביי די יודישע ארבייטער. מען ערקלערט דאס מיט דעם פאריאהריגען פערשפיעלטען שטרייק ביי שערשעווסקין, [illegible] וועלכע די יודישע ארבייטער־מאסע אין גראדנא האט פערלארען דעם צוטרוי צום „בונד". דיעזער לאנגער און גרויסער שטרייק, וועלכען מען האט נאך אזוי פיעל אנגעטרעגענע סוף כל סוף פערשפיעלט, האט ביי דער יודישער ארבייטער־מאסע אין גראדנא אראנגעשלאגען דעם מוט, און עס איז יעצט ניט אזוי לייכט אויפצוהייבען זיי וויעדער אויף אשטרייק.

אין **ווילנא** איז דער בילד געוועזען דערזעלבער, וויע אין די איבעריגע שטעדט פון ליטא. אין די ווערקשטאטען און קליינע פאבריקלאך, וואו די הויפט־ארבייטער זיינען יודען, איז די ארבייט אפגעשטעלט געווארען. איינציגע יודישע אנגעשטעלטע האבען אויך געשטרייקט. אין די גרעסערע פאבריקען, אבער, וואו די ארבייטער זיינען גרעסטענטיילס אדער דורכויס קריסטען, האט זיך די ארבייט ניט אפגעשטעלט. דער שטרייק האט דעריבער ניט געמאכט קיין רושם, און קיין דעמאנסטראציע איז אויך ניט פארגעקומען.

ווייניגער וויע אומעטום האט דער שטרייק געדויערט אין **מינסק**. אנגעהייבען האט זיך דאנערסטאג פאר נאכט, דען 13 יאנואר, און מאקע וויע עס פאסט פאר איין עכט־יודישען פאליטישען שטרייק, האט מען פריהער פון אללעמען אראפגענומען די – שניידערקעס. פרייטאג און שבת איז דער עולם פון דעסטוועגען געוועזען שטארק אויפגערעגט, מען האט זיך געריבט אויף עפעס וויכטיגעס. שבת צו נאכט האט מען אפגעשטעלט די ארבייט ביי די יודישע בעקער, און די עטליכע קריסטליכע ארבייטער, וועלכע ארבייטען אין די יודישע בעקערייען, זיינען אויך צוגעשטאנען צום שטרייק. אויף מארגען, ד. ה. זונטאג דען 16 יאנואר איז ניט געגאנגען די קאנקע, עס האט אויסגעוויזען, אז די זאך געהט אויף אלאד, אבער נאך האלבען טאג איז שאן די שטימונג עפעס געפאללען. ערשטענס האט מען אנגעהייבען צו פיהלען אין שטאדט די אטמאספערא פון איודישען פאגראם. די זאפאסנע סאלדאטען, וועלכע זיינען ביז העהר געוועזען שטיל און רוהיג, האבען זיך גראד דעם טאג צוהו־לעט און האבען אנגעהייבען צו שלאגען יעדען יודען, וועלכען זיי האבען נאר אנגעטראפען. צי מען האט זיי פון אויבען אנגעגעבען צו פערשטעהען, אז יעצט איז איין עת רצון אדער זיי האבען דאס אליין פערשטאנען, דאס ווייסען מיר ניט, מיר ווייסען נאר, אז אין דעם טאג איז פארגעקומען אקליינער פאגראם אין אלטען מארק, און עס זיינען צוראבירט געווארען 4 יודישע קראמען. פון דאמאלס אן פלעגען שאן די סאלדאטען טאג טעגליך מאכען סקאנדאלען, און מיר האבען איבערגעלעבט אין גרויס שרעק די גאנצע צייט, ביז מען האט די סאלדאטען פון דאנען אוועקגעשיקט. אויף וויעפיעל די אטמאספערא פון איודישען פאגראם האט אראפגעשלאגען דעם מוט ביי די בונדיסטען, דאס ווייסען מיר ניט. נאר עס איז געוועזען נאך אזאך, וועלכע האט ביי זיי געוויס אראפגעשלאגען דעם מוט. מען האט זיך דערוואוסט, אז אין דעפא געהט צו שווער. מען זאגט אז דער גובערנאטאר האט געהאלטען ארעדע פאר די ארבייטער פון דעפא, און האט זיי ערקלערט, אז זיי, וויע רוסישע ארבייטער, דארפען ניט נעהמען קיין משל פון די זשידעס, און דיעזע רעדע האט אפנים געהאט אווירקונג. מאנטאג, דען 17 יאנואר האט מען שאן געזעהן די בונדיסטען אפען גערעדט, אז מען וועט אנהויבען נאך אפאר שטונדען, ביז מען וועט בעקומען אקלארע ידיעה פון דעפא, און אויב דער דעפא וועט ניט צושטעהען, וועט מען זיך גלייך אומקעהרען צו דער ארבייט

און אזוי איז טאקע געוועזן. נאך אהאלבען טאג האט מען פון דנפא בעקומען אקלארע ידיעה, און באלד האט מען אפיציעל אינגעזאגט אום נאמען פון בונדישען קאמיטעט, אז דער שטרייק האט זיך געענדיגט.

אזוי איז די זאך צוגעגאנגען אין ליטא. אין פוילען איז געוועזן פונקט פערקעהרט. דארטען האבען זיך גלייך געשטעלט די גרויסע פאבריקען, וואו קיין יודישע ארבייטער זיינען ניטא. די יודישע האנדווערקער אין די יו־ען, וואס ארבייטען אין די קליינע פאבריקלאך, זיינען ממילא צוגעשטאנען צום שטרייק; זיי האבען ניט געקאנט ניט צושטעהען. מאמער האבען וואו ניט וואו איינציגע יודישע האנדווערקער געארבייט, האט זיך קיינער אום דעם ניט געקימערט. דאס האט ניט אפגעשוואכט דעם רושם פון דעם אלגעמיינעם שטרייק. וואלט עס ווען געקימערט, וואלט גענוג געוועזן אוואנק פון די פוילישע ארבייטער, און די יודישע ארבייטער וואלט ניט וואגען עובר צו זיין דעם בעפעהל.

נאך דעם שטרייק האבען זיך נאטירליך אנגעהויבען שטארקע ויכוחים וועגען דעם, ווער איז אין דעראן שולדיג וואס די זאך האט זיך ניט איינגעגעבען. אייניגע האבען ארופגעווארפען דעם גאנצען שולד אויפען „בונד": ער האט זיך צוגעאיילט ארויסצורופען אשטרייק ביי די יודישע ארבייטער און דערמיט האט ער קאליע געמאכט; ער האט געדארפט וויסען, אז עס איז אסך לייכטער ארויסצונעהמען פון דער ארבייט די יודישע האנדווערקער פון דער ארבייט, אוידער די קריסטליכע ארבייטער פון די פאבריקען, און אנהייבען דארף מען שטענדיג פון דעם, וואס איז שווערער... די בונדיסטען האבען ערקלערט, אז עס איז לכתחלה אפגערעדט געווען אזוי: מען זאל פריהער ארויסרופען אמאל צווישען די יודישע ארבייטער, כדי דערמיט אנצוווארעמען די אטמאספערא, עס זאל זיין לייכטער צו ווירקען דערנאך אויף די קריסטליכע ארבייטער. די טאקטיק האט זיך ניט איינגעגעבען. אבער דער „בונד" איז דעראן ניט שולדיג. פיר אונז, פערשטעהט זיך, איז גאר ניט וויכטיג, צי עס איז לכתחלה געוועזן אזוי אפגערעדט אדער ניט. נאך אונזער מיינונג האט דער „בונד" אנדערש ניט געקאנט טאן, און אויב ער וועט פון יעצט אן טאן אנדערש, דאן קומט ער אין אוויעדערשפרוך מיט זיך זעלבסט. איין ארגאניזאציע, וועלכע רעכענט זיך פיר ארעוואלוציאנערע, מוז אין דערזעלבער צייט רעכענען זיך זעלבסט פיר איין אקטיווע קראפט, פיר אגעוויסע געזעלשאפטליכע מאכט. אזא ארגאניזאציע קאן ניט זיצען און ווארטען, ביז אנדערע וועלען אנפאנגען דעם קאמפף. יעדע רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע מוז שטענדיג סטארען זיך אין איהר ארט זיין די ערסטע, ווייזען אנדערע אוועג. ווען ניט פערדיענט זי ניט דעם נאמען, וועלכען זי טראגט. דער, וואס שטעהט צו צום קאמפף, בעת דער קאמפף האט זיך שאן אנגעהויבען, יענער איז ניט קיין רעוואלוציאנער. דאס איז נאר איינער פון די, וועלכע ווערען מיט געשלעפט מיטען שטראם. יעדע געזונדע בעוועגונג טראגט אין זיך אזא קראפט, מיט וועלכער זי קאן אין געוויסע מאמענטען צוציהען צו זיך זעהר פיעל זייטיגע עלעמענטען. אין אללע רעוואלוציעס, וועלכע זיינען פארגעקומען אויף דער וועלט, האבען גענומען אגאנץ גרויסען אנטייל טויזענדער מענשען, וועלכע האבען פריהער וועגען דעם ניט געטראכט. דאס זיינען געוועזן אזעלכע מענשען, וועלכע האבען ניט געהערט צו קיינע רעוואלוציאנערע ארגאניזאציעס, מענשען, וועלכע האבען זיך ביז דעם לעצטען מאמענט ניט אנגערופען רעוואלוציאנערען. פון אזעלכע מענשען קאן מען, פערשטעהט זיך, ניט פאדערען, זיי זאלען ארויסטרעטען די ערסטע, זיי זאלען נעהמען אויף זיך די איניציאטיווע: עס איז גענוג, אז זיי שטעהען צו דערנאך.

אבער דאס, וואס מען קען ניט פאדערען פון זייטיגע מענשען, וועלכע האבען זיך פריהער ניט אנגערופען רעוואלוציאנערען, דאס קאן מען און מען מוז פאדערען פון מענשען, וועלכע זיינען ערצויגען געווארען אויף דער רעוואלוציע, וועלכע האבען יאהרען לאנג געהערט צו ארעוואלוציאנערער ארגאניזאציע. דיעזע לאנגאנגעהנדיגע רעוואלוציאנערען מוזען ארויסטרעטען די ערסטע, זיי מוזען נעהמען אויף זיך די איניציאטיווע און סטארען זיך ווירקען אויף אנדערע. טוען זיי דאס ניט, דאן גיעבען זיי זיך אלליין אפאטש אין פנים, דאן בעווייזען זיי, אז די גאנצע פריהערדיגע רייד איז מעהר ניט געוועזן, וויא הוילע פראזען.

דעריבער פערשטעהען מיר גאנץ גוט, אז דער „בונד" האט געמוזט נעהמען אויף זיך די איניציאטיווע פון איין אללגעמיינעם פאליטישען שטרייק אין ליטא. מיר רעכענען דאס ניט פיר אטאקטישען פעהלער פון זיין זייט, ווייל ער האט אנדערש ניט געקאנט טאן. ער וואלט זיך זעלבסט ארויסגעגעבען איין אטעסטאט פון שוואכקייט און ארימקייט, ווען ער וואלט זיך צוליעב וועלכע עס איז טאקטישע פארדערונגען פון דעם אפגעזאגט.
אבער דער „בונד" האט גאר נישט ניט אויסגעפיהרט מיט דעם, וואס ער האט זיך פון דער זאך ניט אפגעזאגט. ער האט ניט געקאנט אויסמיידען דאס, וואס איז געוועזן אונפערמיידליך. זיין שוואכקייט האט זיך יעצט געמוזט ארויסווייזען, און ער האט ניט ווילענדיג ארויסגעגעבען זיך זעלבסט איין אטעסטאט פון ארימקייט.

דעם „בונד"ס שוואכקייט האט זיך ארויסגעוויזען ניט אזוי פיעל אין דעם, וואס ער האט ניט געקאנט האבען קיין ווירקונג אויף די קריסטליכע ארבייטער. דאס אליין איז נאך ניט אללע מאל אבעווייז פון שוואכקייט. פיר אגרופע, וועלכע בילדעט אזעלבסטשטענדיגע מאכט, איז ניט אזוי וויכטיג די ווירקונג, וועלכע זי קאן האבען אויף אנדערע. צ. ב., פיר די פוילישע נאציאנאליסטען, וועלכע האבען יעצט אפגעשטעלט די למודים אין אללע העכערע און מיטעלע שולען פון פוילען און האבען ארויסגעשטעלט פוילישע נאציאנאלע פארדערונגען, איז גאר ניט אזוי וויכטיג צו די רוסען, וועלכע לעבען אין פוילען, וועלען דיעזע פארדערונגען אונטערשטיצען. קיינעם וועט גאר אויפען זינען ניט ארוף צו מעסטען די שטארקייט פון דער פוילישער ארבייטער־בעוועגונג מיט דעם, אויף וויעפיעל די פוילישע ארבייטער קענען האבען אווירקונג אויף די רוסישע.

אבער דא איז פאראן אצווייטער מאמענט, וועלכער האט ווירקליך בעוויעזען די שוואכקייט פון „בונד". זעהענדיג, אז די קריסטליכע ארבייטער ווילען צום שטרייק ניט צושטעהען, האט דער „בונד" פערלארען דעם מוט און האט זיך אפגעשטעלט אין מיטען. דערמיט האט ער בעוויעזען, אז ער האלט זיך אלליין ניט פיר אזעלבסטשטענדיגע קראפט, מיט וועלכער מען זאלען

זיך וויפיעל עס איז מוזען רעכענען.

אין א שטאדט, וויע ביאליסטאק, וואו די צאהל פון די קריסטליכע פאבריק-ארבייטער איז גרעסער, אוידער די צאהל פון די יודישע האנדווערקער, דארטען איז נאך פערשטענדליך, וואס די יודישע ארבייטער האבען געקוקט אויף די קריסטליכע. אבער מיט וואס ערקלערט מען דיזעלבע מערקווירדיגע ערשיינונג אין אנדערע שטעדט, וויע מינסק, האמעל, באברויסק? וויפיעל קריסטליכע ארבייטער געפינען זיך אין די קליינע פאבריקען פון דיזע שטעדט? וואס בעטרעפט זייער צאהל אנטקעגען דער צאהל פון די דארטיגע יודישע ארבייטער? אין אללע מינסקער בערזין ציזאמען מיטען דעפא וועט זיך אפשר איפקלייבען ביז טויזענד, העכסטענס אנדערהאלבען טויזענד קריסטליכע ארבייטער, אין דער צייט, ווען די צאהל פון די יודישע ארבייטער אין מינסק איז יעדענפאלס ניט וועניגער פון צעהן טויזענד. אין האמעל אין באברויסק איז אויך כמעט דיזעלבע פראפארציע. פארוואס זשע זעהען 10000 יודישע ארבייטער אויסגעקוקט די אויגען אויף 1000 קריסטליכע ארבייטער, און אז יענע האבען זיך אבגעזאגט, זיינען די געבליעבען אבהענגיג? 10000 יודישע ארבייטער האבען אפילו ניט אנגעהויבען צו טראכטען וועגען דעם, ווי זאלען אפשר צווינגען די עטליכע הונדערט ארבייטער פון דעפא צו ווארפען די ארבייט! קענען מיר זיך פארשטעלען די זאך פערקעהרט? אפילו מהוקות וואלטען געמאכט 10000 קריסטליכע ארבייטער מיט וואסערע 1000 יודישע ארבייטער, וויזעלבע וואלטען ניט געוואלט צושטעהען צום שטרייק? יעדערער, וועער עס קען נאר די אללגעמיינע שטימונג, ווייס גאנץ גוט, אז ניט נאר 10000 קריסטליכע ארבייטער, נאר אפילו הונדערט ארבייטער פון דעפא וואלטען געקאנט אפשטעללען די ארבייט פון אללע יודישע ווערקשטאטען און פאבריקען און קיינער וואלט גאר ניט וואגען אהויך קול אויפצוהייבען, גאר אפילו, ווען מיר זאלען שאן דאס לאזען אן אזייט, ווען אפילו מיר זאלען זיך איינשמועסען, אז דער „בונד", וואס בענוצט זיך געוועהנליך מיט טעראר, איז דעם מאל געווארען גוט און פרום און האט ניט געוואלט צווינגען מיט געוואלד די קריסטליכע ארבייטער, בלייבט דאך אבער אלץ אפען די פראגע: וועהר האט געצוואונגען די יודישע ארבייטער אזוי גיך אפצוקעהרען זיך צוריק צו דער ארבייט? וואס זיינען זיי ביי זיך עפעס אזוי אראפגעפאללען דורך דעם, וואס עטליכע הונדערט קריסטען זיינען ניט צוגעשטאנען? פיר וואס עפעס האבען די יודישע ארבייטער, דיזער אוואנגארד פון דער רעוואלוציע, פון ערסטען טאג אן געריסען זיך צוריק אין די ווערקשטאטען און די געשעפטען? פיר וואס עפעס רעכענט מען, אז דער פאליטישער שטרייק אין מינסק, האמעל, באברויסק האט זיך ניט איינגעגעבען אין דער צייט, וואס נייענציג פראצענט ארבייטער פון דיזע שטעדט האבען אין איהם גענומען איין אנטייל? וואו ליעגט דא דער סעקרעט? וויע ערקלערט זיך די זאך דער „בונד", דאס ווייסען מיר ניט. פיר אונז אבער איז די זאך גאנץ פערשטענדליך. כל זמן מען האט ניט געטראכט ערנסט וועגען דער רעוואלוציע, כל זמן מען האט געהאלטען אין איין „ריידען" האט דער „בונד" ניט געפיהלט זיין שוואכקייט. ער האט גערעדט מעהר פון אללעמען, און ער האט ניט בעמערקט, אז מען זאל זיך צו דער שטימע פון אנדערע צוהערען מעהר, אוידער צו זיין שטימע... יעצט אבער איז געקומען א צייט פון טאט, און דא האט עפעס דער „בונד" אינסטינקטיוו דערפיהלט, אז מיר קענען ניט ארויסטרעטען, וויע אזעלבסשטענדיגע געזעלשאפטליכע גרופע, ווייל מיט אונז, וויע מיט אזעלכער, וועט זיך קיינער ניט רעכענען. דער „בונד" האט פערשטאנען, אז ניט אזוי די צאהל פון די שטרייקענדע איז דא וויכטיג, נאר עס איז וויכטיג, אז די שטרייקענדע זאלען געהערען צו דער געזעלשאפטליכער גרופע, מיט וועלכער די רעגיערונג און די ארומיגע געזעלשאפט מוז זיך רעכענען. דער „בונד" האט פערשטאנען, אז אדעמאנסטראציע פון הונדערט קריסטען וועט מאכען אסאך אגרעסערען רושם, אוידער אדעמאנסטראציע פון טויזענד יודען קורץ, ער האט פערשטאנען, אז זיין קריסטליכער רעוואלוציאנער איז שקול אנטקעגען צעהן יודישע.

דעריבער האט דער „בונד" אנגעשטרענגט אללע זייע כחות אום צוציזיהען צום שטרייק די קריסטליכע ארבייטער, דעריבער איז געבליעבען אזוי אבהענגיג, ווען דאס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען. דער „בונד" וועלכער איז נאך אש להרה אויף די ציוניסטען דערפאר וואס זיי זאגען, אז מיר זיינען דא פרעמדע, דערזעלבער „בונד" האט אנערקענט אלעין, (האט ער האט דאס ניט ארויסגעזאגט בפה מלא) אז בזליעב דעם, וואס מיר זיינען יודען, קענען מיר דא ניט שפיעלען קיין וויכטיגע ראללע אין פאליטישען לעבען.

מען קען אפשר זאגען, אז די אורזאכע פון אונזער שוואכקייט ליעגט ניט אין אונזער יודישקייט, נאר אין דעם, וואס מיר האבען ניט קיין עכטען און געזונדען פראלעטאריאט און זער פראלעטאריאט בעשטעהט נאר פון קליינע האנדווערקער, אין דער צייט, וואס אוויכטיגע ראלע קענען נאר שפיעלען ביי היינטיגען טאג די ארבייטער פון די גרויסע פאבריקען. אבער דאס הייסט נאר איבערחזרן דיזעלבע זאך מיט אנדערע ווערטער. דאס, וואס מיר האבען ניט קיין עכטען און געזונדען פראלעטאריאט, איז ניט קיין צופאלל. דאס איז אפראדוקט פון געוויסע היסטארישע בעדינגונגען, ארעזולטאט פון אונזער ניט נארמאלע לאגע צווישען אנדערע פעלקער, און אין דיזער ניט נארמאלע לאגע מוזען מיר זוכען די אורזאכע פון אונזער שוואכקייט.

פון די יאנואר-געשעהניסען אין פעטערבורג איז שאן אריבער אהיבשע צייט.

די ערסטע היץ איז ארויס. עס האט זיך אנגעהויבען איין עפאכע פון „ריידען", און דער „בונד" איז ווידער אריין אין זיין ראלע. ווידער פערפלייצט ער אונז מיט פראקלאמאציעס, און ווידער ווייזט ער אונז אויף די שלעכטקייט און די שענדליכקייט פון דער יעצטיגער רעגיערונג, די גוטקייט און די ניצליכקייט פון דער קינפטיגער דעמאקראטישער רעספובליק. אגעפיהל פון פערדראס דארפען ארויסרופען דיזעלבע פראקלאמאציעס ביי יעדערען, וועלכער פיהלט די יודישע לאגע. דאס איז אלץ איינס, וויע קומען צו געהען צו אהונגעריגען, האלטען פאר איהם אפייערדיגע רעדע וועגען דער שענדליכקייט פון הונגער און די ניצליכקייט פון עססען, און אין דערזעלבער צייט ניט אנווייזען איהם קיין מיטעל, וויע אזוי צוקריעגען ברויט. טאג טעגליך ענדיגט אונז דער „בונד" איין אמעריקא, אז אונזער לאגע אין רוסלאנד

איז אונערטרעגליך. אבער דאס אלין איז פאר אונז, יודען, שאן קיין נייס ניט, אזעלכע מעשות דארף מען געהען דערצעהלען דעם רוסישען בויער, דעם רוסישען סאלדאט. זיי דארף מען טאקע אופווייזען, אז די רעגיערונג איז זייער פיינד, פיר זיי איז דאס נאך דערהוילע אנייס. דערפאר טאקע איז ניט אזוי לייכט צו ערקלערען דאס דעם רוסישען בויער, און עס קומט אן גאנץ שווער צו איבערציינען איהם דערפון. אונז אבער איז פערשפארט צו דער־צעהלען אזעלכע מעשות. יעדערער פון אונז וויים גאנץ גוט, אז די רעגיערונג האסט אונז און פערפאלגט אונז, דאס האבען נאך געוואוסט אונזערע זיידעס, אוידער מיר זיינען געבארען געווארען. צווישען אונז זיינען גאר ניטא אזעלכע נארען, וועלכע זאלען מיינען, אז די רעגיערונג איז אונז אגוטער פריינד: צו אפען ווייזט אונז די רעגיערונג ארויס איהר פיינדשאפט.

אמת, ניט אללע פון אונז ווייסען, אז די קאנסטיטוציע אדער די דעמאקראטישע רעספובליק וועט אונז אויסלייזען פון אללע צרות. עס זיינען דא צווישען אונז אזעלכע סקעפטיקער, פיר וועלכע די פאקטען פון ווירקליכען לעבען זיינען אשטארקערער בעוויז, אוידער אללערליי פערשיעדענע טהעאריעס. דיעזע נאַאיווע מענשען מיינען, אז דאס, וואס קומט פאר אין איין אָרט, קאן ביי גלייכע בעדינגונגען פארקומען אויך אין איין אנדער אָרט. זעהענדיג, אז אין אלאנד מיט פאליטישער פרייהייט, וויע רומעניען, ווערען די יודען פערפאלגט נאך מעהר וויע אין רוסלאנד, זאגען דיעזע סקעפטיקער, אז עס איז ניטא קיין שום בעוויז דערפאר, אז דיעזעלבע זאך זאל זיין אין רוסלאנד אונמעגליך. אבער אפילו דיעזע סקעפטיקער האבען אויך ניט קיין גרונד צו זשאלעווען די יעצטיגע פאליטישע ארדנונג אין רוסלאנד. מיר, ציוניסטען, וואלטען אויך גערן דערלייזט ווערען פון דיעזער פינסטערער ארדנונג, וועלכע גיט געוויסע מענשען די מעגליכקייט צו פערבלענדען די אויגען דער יודישער מאסע, זי זאל ניט פערשטעהען די ריכטיגע אורזאכע פון איהרע ליידען. אין דיעזער הינזיכט איז שאן פיר די לאגע אין רומעניען פיעל אנגענעהמער, אוידער אין רוסלאנד, דארטען איז וויינגסטענס ניטא אויף וועמען ארופצואווארפען די שולד, דארטען זעהען אללע קלאר, וואו מיר האלטען אין דער וועלט. דא אבער סטארעט מען זיך איינצושמועסען אונז פון אללע זייטען, אז די איינציגע אורזאכע פון די ספעציעל־יודישע צרות איז נאר די רוסישע זעלבסטהערשונג, און דיעזע פערפלוכטע זעלבסטהערשונג קומט אונז כלומרשט אויס צונעהמען אין שוץ, אויפווייזענדיג שטענדיג, אז די אורזאכע פון אונזערע יודישע צרות ליגט ערגעץ אנדערס. דיעזע ארבייט וועט אונז די פאליטישע פרייהייט אין רוסלאנד געוויס פערשפארען.

קורץ, עס איז שווער צו געפינען אין דער יודישער געזעלשאפט אזעלכע עלעמענטען, ביי וועלכע די יעצטיגע רוסישע רעגיערונג זאל נושא חן זיין. אופצואווייזען אונז די שעדליכקייט פון דיעזער רעגיערונג איז כמעט איין איבעריגע זאך. מיט אונז אייגענטליך האט מען געמעגט אנהייבען גלייך פון ב. מען האט אונז געמעגט זאגען, וואס אייגענטליך האבען מיר צו טאן אום צו דערלייזט ווערען פון דער פינסטערער ארדנונג אין רוסלאנד און גלייכצייטיג פון אונזער פינסטערער לאגע? אבער גראד אויף דיעזע פראגע גיט אונז דער „בונד" ניט קיין קלארען ענטפער, אין דער אמת'ן. וואס בלייבט אונז יעצט וצ טאן פיר דער רוסישער רעוואלוציע? ארויסטרעטען אין קאמפף מיט אונזערע אייגענע קרעפטען קענען מיר ניט,—דאס האט דער „בונד" ניט וויליענדיג אליין אנערקענט. ווירקען אויף דער קריסטליכער בעפעלקערונג קענען מיר אויך ניט—דאס האט בעוויעזען דער לעצטער פערזוך מיט דעם אללגעמיינעם פאליטישען שטרייק אין ליטא. אלזא אונז בלייבט נאר דערווייל צו זיצען און ווארטען, ביז דער רוסישער פאלק וועט זיך אליין אויפהייבען, ביז ער וועט דער ערסטער ארויסטרעטען אין קאמפף, דאן אפשר וועלען מיר אויך קענען צושטעהן צום קאמפף.*) וויע לאנג אונז וועט נאך אויסקומען צו ווארטען אויף דער רוסישער רעוואלוציע, דאס ווייסען מיר ניט: עס קען זיין, אז זי איז ווירקליך נאהענט. אבער דא שטעהט פאר אונז אויף נאך איין ערנסטערע פראגע. וואס זאלען מיר טאן דערצו, אז די רעוואלוציע זאל ניט אפנארען אונזערע יודישע האפנונגען. וויע אזוי זאלען מיר פערווארענען, אז די רוסישע פאלקספערטרעטונג זאל אונז מוזען געבען די רעכטע, וועלכע מיר פערלאנגען? אמת, מיר נעהמען אן פערשיעדענע רעזאלוציעס, אין וועלכע מיר פאדערען רעכטע. אבער זאגען, אז מיר פאדערען רעכטע, הייסט נאך ניט פאדערען. פאדערען מיט איין אמת הייסט צווינגען, די פון וועמען מען פאדערט, אז זיי זאלען זיך מיט דער פאדערונג רעכענען. וואס זשע זאלען מיר טאן אין דיעזער הינזיכט? וואס פיר אמאכט וועלען מיר ארויסשטעלען אנטקעגען, אויב „דעם רוסישען פראלעטאריאט אין קאמפף פיר זיינע אינטערעסען וועט ווירקליך אויסקומען אפצוזאגען זיך פון וועלכע עס איז פאדערונגען און ער וועט זיך נאטירליך אפזאגען פון די, וועלכע זיינען נוגע ספעציעל דעם יודישען פראלעטאריאט".**) אויף דיעזע אללע פראגען געפינען מיר ניט קיין קלארען ענטפער ניט ביים „בונד", ניט ביי אונזערע נייע געבארענע ליבעראלען, וועלכע מיינען, אז זיי קעהרען איבער די וועלט מיט זייערע רעזאלוציעס. (מיר האבען נאטירליך גארנישט געגען די אללע רעזאלוציעס, וועלכע זיינען אנגענומען געווארען, אין אצינד, ווען אללע ריידען, שאדט ניט, אז מיר זאלען אויך ארויסזאגען, וואס מיר ווילען, אבער אונזערע צייטונגסשרייבער האבען אויף דעז

---

*) מיר דערמאהנען דא אן דעם געדאנקען, וועלכען מיר האבען נאך ארויסגעזאגט אין אונזער בראשורא: „די פערשיעדענע שטרעמונגען ביי פו"צ": דער יוד, וועלכער וויל ביי היינטיגען טאג שפיעלען אוויכטיגע ראלע אין פאליטישען אדער געזעלשאפטליכען לעבען פון וועלכער עס איז לאנד, מוז זיך אפזאגען פון זיין אינדיווידואליטעט און אנפאסען זיך צו דער ארומיגער געזעלשאפט: דער וואס וויל און קען ברייגגען אזא אפּפער, האט אפשר יעצט וואס צו טאן פיר דער רוסישער רעוואלוציע, אבער זיין אָרט איז דאן ניט אין „בונד" אדער אין „פועלי ציון", נאר דוקא דא, וואו ער קען קומען אין נאהענטע בעריהרונג מיט רוסישע ארבייטער און האבען אויף זיי וועלכע עס איז ווירקונג.

**) זעה 9 № „אידישער ארבייטער" ארטיקעל „די נייע עפּאכע".

מרעיש עולם געווען, אזוי ווי מיר וואלטען דא אפגעטאן אגרויסע היסטארישע ארבייט.)

די ליבעראלען אונזערע זיינען יעצט ביי זיך זעהר שמאלין און איינגעגלויבט. דוקא די עלעמענטען פון אונז, וועלכע זיי־נען ווייניגער פון אנדערע פעהיג צו נעהמען אווירקליכען אנטייל אין דער רעוואלוציע, דוקא זיי ליגען שרעקליך גרויסע האפ־נונגען אויף דער פאליטישער פערענדערונג אין רוסלאנד. די פאליטישע בריהייט וועט מאכען אסוף צו אללע יודישע צרות, דאס איז ביי זיי יעצט אזוי ווי אזן קעשענע. דער „פריינד", וועלכער האט שטענדיג אנערקענט די אונזיכערהייט פון אונזער לאגע, די נויטיגקייט פיר אונז צו שאפען אזיכערע היים, דערזעלבער „פריינד" האט פלוצלונג אומגעביטען דעם גראנט, ווי ער האט נאר דערשמעקט אביסעל ווינד אין רוס־לאנד. פון דאמאלס אן האט ער אנגעהייבען צו זינגען אונז אנייע ליעדעלע: אדער מיר דארפען שוין גאר ניט האבען קיין טעריטאריע, אדער מיר דארפען זי האבען נאר צוליעב געוויסע היסטאָרישע צוועקען (דאס ווענדט זיך שוין גלאט, ווי דער קאל־טען פערדרעהט) וויטער אבער דארפען מיר פיהלען, ד.ה. דא איז אונזער היים, און דא ערווארטעט אונז אגלענצענדע צוקונפט (אין דערזעלבער צייט גיהט זיך אבער דער לעבען מיט זיין נאטירליכען גאנג: קיין מאל איז די יודישע אויסוואנ־דערונג פון רוסלאנד ניט געווען אזוי שטארק, ווי דוקא יעצט אין דער צייט פון די גוטע האפנונגען). איי וואס? אין איינציגע לענדער ניט פאליטישער פרייהייט קומען ציטענוויז פאר ניט גאר קיין אנטשעדיגונגען? אין אמעריקא האבען די פערמער בעשלאסען צו באויקאטירען די יודישע איינוואנדערער, אין ענגלאנד האבען די אירלענדער געצוואונגען די יודען צו פערלאזען אגעוויסע שטאדט לימעריק, אבער דאס איז דאך אללעס געשעהן געווארען נאר געגען ברעמדע יודען, ניט געגען היימישע, און אללע ווייסען טאקע, אז אין רומעניען ווערען די יודען געהעצט און פערפאלגט ניט ח"ו צוליעב ידעם, וואס זיי זיינען יודען, נאר ווייל זיי ווערען דארט גערעכענט פיר פרעמדע. אין רוסלאנד אבער וועט קיינער ניט וואגען צו רעכענען אונז פיר פרעמדע, ווייל... דער „פריינד" האט יחוס־בריעף, מיט וועלכע ער קען בעווייזען, אז מיר געפינען זיך דא שוין גאנץ לאנג. און טאמער קומען פאר פאגראמען אין אזא לאנד, ווי עסטערייך, טאמער ווערען דארטען איינציגע יודען פעראורטיילט צום טויט פיר עלילת דם, טאמער נעהמט מען דארטען ארויס ביי די יודען אללע פרנסות דורך איין ארגאניזירטען געזעל־שאפטליכען בויקאט, נו איז וואס איז דארטען? דאס זיינען דאך נאר איינצעלנע פאקטען, פון וועלכע עס איז גישט, וואס ארויסצופאללען ביי זיך...

און וואס האט אזיינס דער „פריינד" דערזעהען, וואס ער איז געקומען אין אזעלכע התפעלות? אין די רעוואלוציעס, וועל־כע זיינען אנגענומען געווארען פון איניגע רוסישע ליבעראלען, איז ארויסגעזאגט געווארען דער וואונש, אז אללע בירגער דארפען האבען גלייכע רעכטע. די רוסישע ליבעראלען האבען אלזא פארביגעהענדיג אונז אויך דערמאהנט צו גיטען, אבער צי דען איז דאס פיר אונז אזא נייעס? מיר ווייסען גאנץ גוט פון דער געשיכטע פון אנדערע לענדער, אז אין דער הייסער שעה פון קאמפף, ווען אללע הערצער זיינען פול מיט האס צו די

אונטערדריקער און מיט מיטלייד צו די אונטערדריקטע[?]ין, אין אזא אפּ= מאמענט געפינען אויך אונזערע ליידען וועלכען עס איז קלאנג אין די מענשליכע הערצער. אבער פון דערזעלבער געשיכטע ווייסען מיר, אז דיעזער צושטאנד דויערט ניט לאנג. די הייסע שעה געהט אריבער און מיט איהר די יום־טוב'דיגע שטימונג אין די מענשליכע הערצער. עס הייבט זיך אן דער וואכענדיגער לעבען מיט זיינע אללטעגליכע זארגען און פער־לאנגען. ווידער הייבט זיך אן אקאמפף פון פערשידענע אינ־טערעסען, ווידער טרעט ארויס דער געגענזאץ צווישען פער־שיעדענע קלאסען און געזעלשאפטליכע גרופען. און דא הערשט דער אלטער פיזישער געזעץ: דער שטארקער זיעגט, דער שוואכער זינקט. מיט וואס אבער וועלען מיר אין דער בעפרייטער רוסלאנד זיין שטארקער, אוידער אין רומעניען און עסטערייך, וואו אונזער צאהל אום פערהעלטניס צו דער איבעריגער בעפעלקערונג איז ניט קלענער ווי אין רוסלאנד?

ווען דער אנטיסעמיטיזמוס איז אין דער לעצטער צייט עטוואס אנגעשוואכט געווארען ביי דער רוסישער געזעלשאפט, האבען מיר דאס געוויסערמאסען צו פערדאנקען דעם ווילדען אנטיסעמיטיזמוס פון דער יעצטיגער רעגיערונג. דיעזע רעגיערונג, די ביוראקראטיע, וויע מען רופט זי אן אין דער לעגאלער פרעססע, איז יעצט געווארען אזוי פיעל פערהאסט ביי דעם בע־סערען טייל פון דער רוסישער געזעלשאפט, אז זי קען ניט אין דערזעלבער צייט פיהלען אהאס צו די, וועלכע ווערען געהעצט און פערפאלגט פון דיעזער רעגיערונג. אבער פונדעסטוועגען דארפען מיר ביי זיך ניט זיין גענארט. דער אנטיסעמיטיזמוס איז ביי דער רוסישער געזעלשאפט ניט אין דערזעלבער מאס אפגעשוואכט געווארען, אויף וויעפיעל ביי איהר האט זיך גע־שטארקט דער ליבעראליזמוס. אלס אבעווייז קאן אונז דיענען אונזער אלטער בעקאנטער סובארין. דיעזער אויסוואורף ווייס גיט פון קיינע פרינציפען און איבערצייגונגען: ער זוכט נאר אנ־צופילען זיין קעשענע: ער וועט זיך ניט שעמען 10 מאל אטאג צו ביטען זיין מיינונג, אויב דאס זאל איהם נאר לייהנען צום עסק, ווען ער וואלט דערשמעקט, אז דער אנטיסעמיטיזמוס געהט אויס פון מאדע און מען קען מיט איהם ניט מאכען קיין גוטע געשעפטען, וואלט ער זיך פון איהם גלייך אפגעזאגט. והראיה, דערזעלבער סובארין איז דאך ביט אכאל געווארען אהאלבער ליבעראל, ער פאדערט דאך כלומרשט דאסזעלבע, וואס אללע פאדערען. בנוגע צו אונז אבער איז ער ניט נאר ניט געווארען קיין האלבער יודענפריינד, נאר ער איז אפילו ניט געווארען קיין פערשטעלטער אנטיסעמיט: ער איז געבליע־בען דערזעלבער אפענער יודענפרעסער, וויע ער איז געווען ביזהער. קענטיג אויף דיעזער פאזיציע פיהלט ער זיך נאך גאנץ שטארק...

טאמער האט ער נאר דערשמעקט, אז די רעגיערונג וויל אונז ארויסווארפען אביינדעל, זי וויל אונז אודאי שענקען דאס וואה: רעכט נאך אין עטליכע צעהנדליגע דערפער, רוהט ער שוין ניט: טאג טעגליך גיעסט ער אויף אונז פעך און שוועבעל, און קיין מאל איז זיין העצע ניט געווען אזוי שרעקליך ווילד, וויע גראד אין דער לעצטער צייט.

די ליבעראלע און די ראדיקאלע פרעססע פערהאלט זיך

ו אונז אסך קעלבער, נאר זיי ווען ניט פערווארפט זי פיר אונז אונזער דאס אין אבזאלוטער מאן (די איינציגע אויסנאהמע איז דער „נאוואסטי", אבער זיין איינפלוס אויף דער רוסישער געזעלשאפט איז ניט בעזאנדערס גרויס.) מיט וואס ערקלערט מען דאס? מען זאגט, אז אין די ראדיקאלע צייטונגען ארבייטען פיעל יודישע שרייבער, און זיי, פערשטעהט זיך, פאסט ניט צו ריידען פיעל וועגען יודען. זיי דארפען ווייזען זייער אונפערטייליכקייט, זיי דארפען ווייזען, אז די אללגעמיין-רוסישע אינטערעסען זיינען זיי טייערער פאר וועלכע עס איז ספעציעל-יודישע אינטערעסען. אזוי מאכע האלטען זיך אויך די יודישע דעפוטאטען אין דייטשען און עסטררייכישען פארלאמענט. אזא שקלאפען-פסיכאלאגיע האט ביי אונז אויבער-ארבייט דער לאנגער און פינסטערער גלות.

וויע דאס איז, דער גיפט, וועלכען עס פערברייטעט געגען אונז כובאריק, בעגעגענט ניט קיין שטארקען ווידערשטאנד, און ווער וויס, צי די העצע וועט ניט האבען קיין ווירקונג אויף דער קינפטיגער רוסישער פאלקס-פערטרעטונג?

אונזער פערשיעדענע פריינד וועלען דאן אויך געפינען, מיט וואס צו טרייסטען אונז. דער פעטערבורגער „פריינד", אויב ער וועט צוריק ניט אומבייטען דעם פראנט, וועט אונז ערקלערען, אז דאס זיינען נאר איינצעלנע פאקטען, פון וועלכע עס איז ניטא וואס ארויסצופאללען ביי זיך. ווידער וועט ער אונז ערקלערען, אז די פערשיעדענע רוסישע, פוילישע, דייטשע, רומענישע, טשעכישע, אירלענדישע און אנדערע אנטי-סימיטען וועלען סוף כל סוף אי"הש קומען צום שכל און וועלען פערשטעהען, אז מיר ברענגען זיי ח"ו קיין שאדען ניט, נאר פערקעהרט, מיר ברענגען זיי נאך נוצען. אלזא, דארפען מיר נור „ווארטען" ביז די מענשען וועלען קליגער ווערען.

דער „בונד" וועט דאמאלס איבערקעהרען דעם בלאט און וועט אנהייבען אופצואווייזען, אז ניט די פאליטישע נור די סאציאלע ארדנונג איז שולדיג אין אונזערע ליידען, און אזוי, וויע די סאציאלע ארדנונג האט זיך נאך ניט אומגעביטען, דארפען מיר אלץ מקבל באהבה זיין ביז עס וועט אומגעביטען ווערען די סאציאלע ארדנונג. ד. ה., מיר דארפען נאר „ווארטען" אויפ'ן סאציאליזמוס.

די פראלעטאריער פון אנדערע פעלקער ווארטען ניט אויפ'ן סאציאליזמוס, זיי געהען צו איהם צו אלץ נעהנטער. וואס ווייטער, פערבעסערן זיי אלץ זייער עקאנאמישער לאגע, זיי פערשטארקען זייער איינפלוס אויפ'ן פאליטישען און געזעלשאפטליכען לעבען, זיי געווינען אלץ אנדערע מאכט. אין דערזעלבער צייט וועלען מיר אלץ מעהר און מעהר פעראראמט און אפגעשוואכט ווערען, מיר וועלען ארויסגעשטויסען ווערען פון אללע פראדוקטיווע צווייגען, אונזער געזעלשאפטליכע שטעללונג וועט ווערען אלץ ניעדריגער. דערפאר אבער וועלען מיר זיצען און „ווארטען" אויפ'ן סאציאליזמוס.

„זיצען און ווארטען"—דאס איז די איינציגע בגולה, וועלכע מען לייגט אונז פאר פון פערשיעדענע זייטען, נאר דער ציוניזמוס אין זיין ריינעם געשטאלט, דער ציוניזמוס, וועלכער האט צו טאן מיט רעאלע בעדערפניסען פון לעבען, ניט מיט געוויסע ראמאנטישע שטרעבונגען, נאר דיעזער ציוניזמוס הייסט אונז אויף קיין זאך ניט ווארטען, ער הייבט אונז טאן, אום צו פערבעסערן ראדיקאל אונזער לאגע און בילדען אגעזעלשאפטליכע מאכט. אמת, מיט דער פערווירקליכונג פון דעם ציוניזמוס דארפען מיר נאך אייך לאנג ווארטען. אבער דא דארף מען ווארטען ניט אויף אנדערע, ניט אויף געוויסע זייטיגע פאקטארען, נאר אויף אונז זעלבסט. די פערווירקליכונג פון דעם ציוניזמוס הענגט אפ נאר פון אונז זעלבסט. די לעצטע צייט האט בעוויעזען, אז די אויסערליכע מניעות צו עררייכען אטעריטאריע זיינען גאר ניט אזוי גרויס, וויע מיר האבען זיך פארגעשטעללט. ווען מיר וואלטען געקאנט צוזאמען קלייבען אהעלפט פון די געלד-מיטלען קאנצענטרירען אהעלפט פון דער מענשליכער ענערגיע, וועלכע זיינען אין די לעצטע 30 יאהר פערווענדעט געווארען פון איינצעלנע יודישע עמיגראנטען, אום צו צושפרייטען זיך אויף אללע שבעה ימים, ווען מיר וואלטען דאס אלץ געקאנט פערווענדען אויף אפלאנמעסיגע און קאנצענטרירטע קאלאניזאציע, וואלט שאן אונזער ציעל לאנג דערגרייכט געווארען. מיר וואלטען שאן געהאט אזעלכע דאך, וואו מיר וואלטען זיך געקענט פריי ענטוויקלען, וואו מיר וואלטען געקענט אליין מאכען אונזער ווייטערדיגע געשיכטע...

צו אונזער אונגליק, איז נאך ביי אונז שוואך דער צוזאמענהאנגסגעפיהל, יעדערער טראכט נאר וועגען זיך זעלבסט, און צוליעב דעם געהט פערלארען אונזער גאנצע ענערגיע. עס וועט נאך אפשר לאנג דויערען, ביז אונז וועט זיך איינגעבען צו ערציהען אגעזונדען דור, וועלכער זאל זיין פעהיג צו קאנצענטרירען די קרעפטען פון פיעלע איינצעלנע און פערווענדען זיי אום צו דערגרייכען אגעמיינשאפטליכען ציעל.

אבער ערציהען אדור צו איין ארבייט, וועלכע הענגט אפ נאר פון אונזערע אייגענע קרעפטען, דאס הייסט ניט זיצען און ווארטען, דאס הייסט טאן א וויכטיגע פארבערייטענדע ארבייט.

צי פארדערט פון אונז דיעזע ארבייט, אז מיר זאלען צומאכען די אויגען אויף אלץ, וואס קומט פאר ארום אונז, מיר זאלען זיך פערהאלטען אינדיפערענט צו אללע ערשיינונגען פון ארומיגען לעבען? אונזער ארבייט פאדערט עס פון אונז ניט, און דאס וואלט פיר אונז געווען אבסאלוט אונמעגליך. עס איז אונמעגליך צו בעפרייען זיך פון דעם איינפלוס פון דער אטמאספערא, אין וועלכער מען לעבט. מיר זיינען מענשען, און אללעס מענשליכעס איז אונז ניט פרעמד. מיר קוקען אויף אלצדינג מיט אפענע אויגען, מיר בעאורטיילען אלץ, וואס מיר זעהען, מיט אגעוויסען קריטעריום. מיר האסען אין דעם ארומיגען לעבען דאס, וואס אונז געפעללט ניט, מיר שעצען און עהרען דאס, וואס אונז געפעלט, און אז פאר אונזערע אויגען קומט פאר איין ערנסטער קאמפף צווישען פערשיעדענע געזעלשאפטליכע גרופען, צווישען פערטרעטער פון פערשיעדענע וועלטאנשאאונגען, מוזען מיר דערצו נעהמען אגעוויסע שטעלונג, מיר מוזען, אויף וויעפיעל מיר קענען, אונטערשטיצען די, וועלכע מיר האלטען פיר גערעכט, די, וועמען מיר ווינשען ערפאלג. די פראגע איז נאר, וויע ווייט מיר קענען פערבינדען אונזערע ספעציעל-יודישע אינטערעסען מיט די אינטערעסען פון געוויסע פארטייען, וויע ווייט מיר קענען זעהען אין דעם זיעג פון דיעזער אדער יענער פארטיי אגאראנטיע פיר אונזערע אינטערעסען. אין דיעזער הינזיכט האט אונז די ערפארונג געוויע-

זין, אז מיר קענען זיך קיין מאל ניט פערלאזען אויף דעם, אז די פארטייען, וועלכע פערהאלטען זיך צו אונז היינט פריינדליך, וועלען אויך מארגען בערייט זיין צו פערטיידיגען אונזערע אינטערעסען. ניט נאר די ליבעראלען אין אויסלאנד פערטיידיגען יעצט ניט אונזערע אינטערעסען, נאר אפילו די סאציאליסטען פערהאלטען זיך צו אונז ניט שטענדיג פריינדליך. עס איז גענוג צו דערמאהנען דעם שרעקליכען פאקט, וואס די רוסישע סאציאליסטען פון די אכציגער יאהרען זיינען זעהר שטארק צופריעדען געווען פון די דאמאליגע יודישע פאגראמען. און דאס איז ניט קיין איינציגער פאקט. עס זיינען דא נאך גענוג פאקטען, חאין ניט אזעלכע שרעקליכע. צ. ב., אללע ווייסען, אז אין דער צייט פון דעם דרייפוס-פראצעס, בעת אין פראנקרייך האט זיך אויף א קורצע צייט מיט אמאל פאנאנדערגעברענט דער אנטיסעמיטיזמוס, האבען זיך די פראנצויזישע סאציאליסטען, וועלכע זיינען געווען איבערצייגט אין דרייפוס'עס אונשולדיגקייט, פונדעסטוועגען האבען זיי בעשלאסען צו האלטען זיך פאסיוו און ניט אויפהויבען הויך זייער שטימע פיר דרייפוס'ן, כדי דאס זאל זיי ניט שאדען ביי די וואהלען. און אט ווערט יעצט דערצעהלט אין № 67 „הזמן", אז אין אנעוויסער פארשטאדט פון ווין האבען זיך די סאציאליסטען *פעראייניגט* מיט די *אנטיסעמיטען* אום צוזאמען בייצוקומען די ליבעראלען.

יעדע פארטיי מוז קודם כל צו פערשטארקען איהר אייגענעם כלום און פערגרעסערען איהר אייגענע מאכט: מיט די פארדערונגען פון יושר רעכענט זיך יעדע פראגרעסיווע פארטיי נאר אויף אזוי פיעל, אויף וויעפיעל דאס געהט ניט געגען איהרע אייגענע אינטערעסען. בנוגע צו אונז אבער, טרעפט גאנין אפט, אז אפילו די פראגרעסיווע פארטייען לייהנט ניט איינצושטעלען זיך פיר אונז. ווער ווייס? אפשר איז דאס דער מאטיוו, צוליעב וועלכען די יעצטיגע ראדיקאלע פרעססע אין רוסלאנד פערנעהמט זיך ווייניג מיט דער יודענפראגע; עס פאסט אפשר ניט צופיעל צו ריידען וועגען יודען, ווייל דאס קען נאך אויפוועקען אחשד ביי די לעזער, אז די פרעססע איז אין יודישע הענד...

ווי דאס איז, מיר קענען ניט זיין פערזיכערט אין קיין פארטיי, אז זי וועט *שטענדיג* פערטיידיגען אונזערע אינטערעסען. נאך מעהר, מיר זעלבסט וועלען אויך ניט קענען פערטיידיגען אונזערע אינטערעסען, אויב מיר וועלען זיך *אונבעדינגט* פעראייניגען מיט געוויסע פארטייען. עס איז ניטא וואס צו וואונדערן זיך אויף די יודישע דעפוטאטען אין דייטשען און עסטערייכישען פארלאמענט, וואס זיי פערטיידיגען ניט די יודישע אינטערעסען: ניט פון יודען האבען זיי בעקומען זייערע מאנדאטען און ניט, ווי פארשטעהער פון יודישע אינטערעסען זיינען זיי אריינגעקומען אין פארלאמענט. זיי געהערען צו געוויסע פארטייען, און זיי מוזען זיך רעכענען מיט דער שטימונג פון דיעזע פארטייען. ערקלערען זיך אונזערע בורזשואזע קרייזען איין מאל פיר אללע פיר ליבעראלען, דאן זיינען זיי מחויב *אונטער אללע אומשטענדען* צו אונטערשטיצען די ליבעראלע פארדערונגען, אפילו ווען זיי זאלען זיך אין א געוויסען פונקט פאנאנדערגעהן מיט אונזערע ספעציעל-יודישע פארדערונגען. ערקלערען מיר, יודישע פראלעטאריער, זיך איין מאל פיר אללע מאל פיר סאציאל-דעמאקראטען, דאנן מוזען מיר שטענדיג געהען האנד ביי האנד מיט דער סאציאל-דעמאקראטיע, אפילו ווען מיר זאלען דארפען פערביייגען אונזערע ספעציעל-יודישע פארדערונגען. אנדערש קען דאס ניט זיין, און דאס, וואס מיר וועלען בילדען אפארטיי אין אפארטיי, אזוי, וויע עס רעכענט דער „בונד", וועט אונז גאר נישט ניט העלפען. ווילען מיר ווירקליך פערטיידיגען אונזערע ספעציעל-יודישע אינטערעסען (אויף וויעפיעל פיר אקליינע מינדערהייט איז איבערהויפט מעגליך צו פערטיידיגען איהרע אינטערעסען געגען אגרויסער מעהרהייט) דאנן מוזען מיר פערנעהמען אבעזונדער ארט צווישען די פערשיעדענע פאליטישע פארטייען, דאנן מוזען מיר שטענדיג ארויסטרעטען, וויע פארשטעהער פון ריין-יודישע אינטערעסען. וויע אזעלכע, קענען מיר אין געוויסע מאמענטען אונטערשטיצען דיעזע אדער יענע פארטיי, אבער נאר אויף אזוי פיעל, אויף וויעפיעל דס געהט ניט געגען אונזערע יודישע אינטערעסען. צי עס איז פראקטיש מעגליך דורכצופיהרען אזא טאקטיק, וועלכע פאדערט *שטענדיג* אגעוויסע איינינקייט צווישען פערשיעדענע עלעמענטען פון יודישען פאלק, ניט קוקענדיג אויף זייערע אפטמאל געגענזעצליכע אינטערעסען? דאס וועט ווייזען דער לעבען. יעדענפאלס וועט דיעזע טאקטיק פאדערען פון יעדען איינציגען פון אונז, ער זאל זיך בענוגענען מיט איין ענגערען ווירקונגסקרייז. קיינער פון אונז וועט דאן ניט קענען האבען דעם איינפלוס אויף דעם אללגעמיינעם פאליטישען און געזעלשאפטליכען לעבען, וועלכען עס בעקומען יעצט איינציגע פון אונז, אפזאגענדיג זיך פון אללע-יודישע אינטערעסען (צום ביישפיעל, די יודישע אנהענגער פון פערשיעדענע פאליטישע פארטייען און דער גלייכען).

דיעזער קאנטראסט צווישען דעם אללגעמיינעם פאליטישען לעבען און אונזערע ספעציעל-יודישע אינטערעסען וועט פערשווינדען נאר דאן, ווען עס וועט פערשווינדען די יודענפראגע, ד. ה. ווען מיר וועלען פיהרען אזעלבסטשטענדיגען פאליטישען לעבען. דאן ערסט וועלען זיך ביי אונז פראלעטאריער די יודישע נאציאנאלע אינטערעסען צוזאמענגיסען מיט אונזערע קלאסען-אינטערעסען, דאן וועלען מיר האבען פאר זיך אברייטען ווירקונגסקרייז...

אין רוסלאנד איז נאך דערווייל צו פריה צו טראכטען וועגען דעם וויע זאלען מיר זיך פערהאלטען צו דיעזער אדער יענער פארטיי. דער קאמפף צווישען פערשיעדענע פאליטישע פארטייען איז נאך אין רוסלאנד דערווייל ניט צייטיג געווארען. די יעצטיגע אפאזיציע בעשטעהט פון גאנין פערשיעדענע עלעמענטען, און די יעצטיגע רעגיערונג פערטרעט ניט די אינטערעסען פון וועלכען עס איז קלאס.

דאס, וואס געהט יעצט פאר אין רוסלאנד, איז ניט קיין קאמפף צווישען פערשיעדענע קלאסען אדער פארטייען, דאס איז אקאמפף צווישען מענשען און ווילדע חיות. פון איין זייט זעהען מיר דא נאר אבאנדע אונפערשעמטע רויבער; אויף דער אנדער זייט בעגעגענען מיר אלץ, וואס איז נאר פעהיג מענשליך צו דענקען און פיהלען. דא קאן קיין פראגע ניט זיין, אויף וועמעס זייט מיר דארפען זיך שטעללען. די פראגע איז נאר, וויע וויים מיר זיינען אום שטאנד צו אונטערשטיצען די קעמפפער פיר פרייהייט. מיר קענען זיך, פערשטעהט זיך, אין אשענעם פריהמארגען אנאמען געבען רעוואלוציאנערען. מיר קענען אריינשטעלען אין פראגראם דעם פאליטישען קאמפף, אזוי וויע דא

האבען געטאן די נייע „פועלי ציון". אבער דאס בלייבט מעהר ניט, וויע אהיילע פראזע, ווייל מיר קענען ניט נעהמען אויף זיך די אינציאטיווע און מיר קענען ניט ארויסטרעטען אין קאמפף די ערסטע. מיר קענען דערוויל ארויסלאזען פראקלאמאציעס, אבער דאס אליין איז ניט קיין וויכטיגע ארבייט, וויע אננעהמען רעזאלוציעס. מיר וויסען נאר איין מאמענט, ווען אונזער הילף קען זיין ווירקליך ניצליך דער רעוואלוציע, דאס איז דער מאמענט, ווען עס וועט אויסקומען צו געהען אויף די באריקאדען (וויע ווייט דאן וועט שפיעלען אראלע די פראווינץ, דאס איז ווידער איין אנדער פראגע). דאן קענען מיר מיט אונזער אנטייל פערגרעסערען די צאהל פון די שטרייטער און מיטווירקענדע צום זיעג: איודישע קויל, אז זי וועט טרעפען, וועט זי אויך אפטאן איהר ארבייט, און דא איז מען דאך שאן קיין אנדער זאך ניט אויסען.

אויב אזא מאמענט וועט פארקומען, קען מען זיין זיכער, אז מיר וועלען דאנן געוויס ניט אפשטעהען: מיר וועלען זיך ניט בעהאלטען אין די לעכער, בעת אויפען גאס וועט פארקומען אבלוטיגער קאמפף. כל זמן מיר לעבען אין רוסלאנד, מוזען מיר מיטען רוסישען פאלק טיילען זיינע ליידען, האין ניט אללע מאל קומט אונז אויס צו טיילען מיט איהם זיינע פריידען. וויעפיעל מיר האבען זיך ניט אויסגעדרעהט מיט אללע מיטלען פון דער מלחמה, וועלכע האט פיר אונז אבסאלוט ניט געהאט קיין שום זין, איז גענוג פונדעסטוועגען גענוג יודישע בלוט פערגאסען געווארען אויף די פעלדער פון מאנדזשוריען, און עס איז קיין שום ספק ניט, אז ניט ווייניג יודישע בלוט וועט פערגאסען ווערען אויף די באריקאדען...

און אויב דער פאליטישער קאמפף וועט אין רוסלאנד אננעהמען אנדערע פארמען, וועלען מיר אויך ניט אפשטעהען פון דעם רוסישען פראלעטאריאט, דא וואו ער וועט נאר ארויסטרעטען דער ערסטער.

וואס האבען מיר יעצט צו טאן אום צו פערטיידיגען אונזערע אינטערעסען אין רוסלאנד? קודם כל דארפען מיר יעצט פערטיידיגען אונזער לעבען. מיר געפינען זיך יעצט אללע אין געפאהר. די רעאקציאנערען און פערשיעדענע אגענטען פון דער רעגיערונג האבען זיך גענומען פיר זייער אלטע געוועהר: אונהעצען די פינסטערע מאסען, אופוועקען אין זיי די ניעדריגסטע אינסטינקטען און אנשיקען זיי אויף די יודען. צו זיי גלויבען טאקי אין דער אמת'ן אז זיי וועט זיך איינגעבען צו דערטרינקען די רעוואלוציע אין יודישע בלוט. אדער זיי ווילט זיך גלאט נאר אויסלאזען צו אונז דעם כעס, דאס איז פיר אונז אלין איינס. אז זיי טראכטען וועגען דער זאך גאנץ ערנסט, אז זיי האבען בעשלאסען צו באדען זיך ניט אנדערש אין יודישע בלוט, דאס איז קלאר, ווי דער טאג. עס פיהרט זיך אומעטום איין אפענע אגיטאציע, די מערדער שלייפען שאן אויף אונז די מעסערס, די געפאהר וואקסט פון טאג צו טאג. פינסטערניס און אונוויסענהייט איז נאך פאראן אין רוסלאנד גענוג. עס איז דא וואס אויסצונוצען, עס איז דא וועמען אנצורייצען צו פערגיעסען אונשולדיגע בלוט. צי דען וועלען מיר זיצען אין ווארטען, ביז דער שרעקליכער מאמענט וועט קומען? צי דען וועלען מיר זיך נעהמען ארגאניזירען אזעלבסטפערטיידיגונג ערסט דאן, בעת דער חלף וועט שאן ליעגען אויפען האלז? צי דען וועלען מיר זיך ביז דער לעצטער מינוט טרויסטען מיט האפנונגען, אז אפשר וועט גארנישט ניט זיין? ניין! מיר דארפען קוקען אויף דער זאך מיט אפענע אויגען, מיר דארפען זיך צוגרייטען צו דער געפאהר, מיר דארפען אללע זיין בעוואפענט פון גרויס ביז קליין, מיר דארפען גאר ניט ווארטען, ביז די העצער וועט זיך איינגעבען צוצוגרייטען זייער מערדערישע ארבייט. מיר דארפען פריהער ארויסטרעטען געגען זיי און אפטרייבען ביי זיי דעם חשק צו אזעלכע זאכען. דא האבען מיר זיך גאר ניט וואס צו רעכענען מיט דעם, ווער פון אונז איז שטארקער, ווער וועט זיעגען אין קאמפף. מיר דארפען איין מאל פיר אללע מאל בעווייזען אונזערע מערדער, אז עס איז שאן אריבער די צייט, ווען יודישע בלוט האט מען געקאנט פערגיעסען אונגעשטערט. זאלען זיי וויסען, אז זיי אליין זיינען אויך ניט גאנץ זיכער, אז זיי וועט אויסקומען צו באדען זיך ניט נאר אין יודישע בלוט...

אויף דער זעלבסטשיצונג האבען מיר זיך אייגענטליך געדארפט פעראייניגען אללע אהן אונטערשיעד פון פארטייען און פאליטישע איבערציינגונגען. דאס איז אזא פונקט אין וועלכען אללע האבען זיך, דוכט זיך, געדארפט צונויפגעהען, צו אונזער בעדויערען איז אויף דעם נאך דערווייל שווער צו רעכענען: אז עס איז ארויסגעגאנגען דער אופרוף פון אויסלענדישען קאמיטעט פון זעלבסטשיצונג, האט דער „בונד" אין זיינע „לעצטע נאכריכטען" נאר געפונען פיר נייטיג אנצוזאגען דעם עולם, אז ער האט דערצו ניט קיין שייכות, דאס איז ארייןציוניסטישע אונטערנעהמונג... נאר אראפפאלען ביי זיך איז נאך ניטא וואס. דער „בונד" איז נאך ניט דער פארשטעהער פון יודישען פראלעטאריאט. עס איז נאך דא אגרויסע יודישע מאסע מיט געזונדע געפיהלען, מיט אקלארען פערשטאנד. צו דיעזער מאסע דארפען מיר זיך ווענדען מיט דעם רוף: פעראייניגט זיך! רעטעט זיך! פערטיידיגט זיך! און דיעזער רוף וועט געוויס ניט זיין אומזיסט.

וואס דארפען מיר טאן דערצו, אז די פאליטישע פערענדערונג, וועלכע וועט פריהער שפעטער פארקומען אין רוסלאנד, זאל ווירקליך פערבעסערען אונזער לאגע? מיר דארפען טאן דאס, וואס מיר קענען. מיר קענען ניט צווינגען די רוסישע געזעלשאפט, זי זאל בעפריעדיגען אונזערע פאדערונגען, בעת די מאכט וועט איבערגעהען אין איהרע הענד. אבער מיר קענען און מוזען ווירקען אויף דער רוסישער עפענטליכער מיינונג. מיט רעזאלוציעס אליין וועלען מיר דא גאר ניט מאכען. מיר מוזען נאך זעהען ווירקען דורך דער פרעססא. און פון דער יעצטיגער ראדיקאלער פרעססא קענען מיר ווירקליך פאדערען, זי זאל זיך ערנסט פערנעהמען מיט דער יודענפראגע, זי זאל אללעמען ריכטיג ערקלערען אונזער לאגע, זי זאל אונטערשטיצען אונזערע גערעכטע פאדערונגען. אום צו פאדערען אזא זאך פון דער יעצטיגער ראדיקאלער פרעססא, דארף מען ניט האבען קיין פיזישע מאכט. עס איז גענוג, וואס מיר האבען אויף דעם אמאראלישען רעכט. די פרעססא אין רוסלאנד געפינט זיך נאך יעצט ניט אין די הענד פון געוויסע פארטייען, זי רעדט נאך ניט אין דעם נאמען פון די אינטערעסען פון אבעשטימטער גרופע. די יעצטיגע פרעססא רעדט וועגען געוויסע פרינציפען, אין דעם נאמען פון יושר און גערעכטיגקייט, און אום נאמען פון דיעזע פרינציפען קענען מיר פון איהר פאדערען, זי זאל ניט

איגנאָרירען אונזער לאַגע. ווען אללע יודישע שרייבער און לעזער וואלטען דאס ענערגיש געפאדערט, וואלט זיך די יעציטיגע ראדיקאלע פרעססא דערמיט געמוזט רעכענען.

מיר דארפען איבערהויפט ענערגיש פראטעסטירען געגען דער סיסטעם פון איגנאָרירען אונז, ניט דערמאהנען אונזער נאָמען, דיעזע סיסטעם איז פיר אונז נאך אגרעסערע בעליידיגונ׳ אידער די סיסטעם פון אנפאלען אויף אונז: מען געהט זיך איבער פארביי אונז [illegible] וויע מיר וואלטען גאר ניט געוועזען אויף דער וועלט. מיר [illegible] יעדענפאלס דאס רעכט צו פאדערן פון דער רוסישער געזעלשאפט, זי זאל ארויסטרעטען פיר אונז אדער געגען אונז. צי קענען מיר, פראלעטאריער, אין דיעזער הינזיכט פיעל אויפטאָן, דאס איז אגרויסער ספק, אבער מיר קענען פון אונזער זייט ווירקען אויף די יודען, וועלכע האבען די מעגליכקייט צו ווירקען אין דיעזער ריכטונג.

וועלכע אויפגאבען וועלען מיר האבען, בעת די נייע ארדנונג אין רוסלאנד וועט אנקומען? אויף דער פראגע קענען מיר יעצט ניט געבען קיין בעשטימטען ענטפער. נאר בנוגע צו אונזער ענדציעל קענען מיר האבען וויטע אויסזיכטען, בנוגע צו די לענדער, אין וועלכע מיר געפינען זיך יעצט, קענען מיר קיין וויטע פלענער ניט מאכען. מיר קענען דא נאר אוועקשטעלען דעם פרינציפ, אז מיר דארפען איין מאל פיר אללע מאל אראפווארפען פון זיך די מאסקע פון אונפארטייליכקייט, מיר דארפען ניט מאכען דעם אָנשטעל, אז די אללגעמיינע אינטערעסען שטעהען ביי אונז העכער פון אונזערע אייגענע אינטערעסען, מיר דארפען זיך אין יעדען מאמענט רעכענען מיט דער בעזונדערער לאגע פון יודישען פאלק.

אויב מיר וועלען דאס נאר אללע מאל געדענקען, וועלען מיר שטענדיג וויסען, וואס מיר האבען צו טאן פיר אונזער געגענווארט, וואס מיר האבען צו טאן פיר אונזער צוקונפט.

מינסקער קאמיטעט פון „פועלי ציון"

ניסן תר"סה.

( געדרוקט 2500 עקז. )

# וויכטיגסטע דרוקפעהלער:

| זייטע | שפאלטע | שורה | געדרוקט | דארף זיין |
|---|---|---|---|---|
| 1 | 2 | 9 | אפשטעהען | אפשטעהען |
| „ | „ | 22 | וווכטיגען | וויכטיגען |
| „ | „ | 28 | ארויכגעווייזען | ארויכגעוויזען |
| 2 | 1 | 13 | ניע | נימ |
| „ | „ | 31 | ענטשיידענע | ענטשיידענדע |
| „ | „ | 33 | וויכטיג | וויכטיגער |
| 3 | 2 | 3 | אראפצושטעלען | אפצושטעלען |
| „ | „ | 6 | וועלען מוזען אראפגעגעהען | וועלען אראפגעהען |
| „ | „ | 32 | אשווערען | אשטארקען |
| „ | „ | 47 | שפעטער פארגעקומען | שפעטער ניט פארגעקומען |
| 4 | 1 | 10 | פערסיאנאל | פערסאנאל |
| „ | „ | 43 | ערפיהלט | ערפיללט |
| „ | „ | 45 | האט געוואלט | האט נאר געוואלט |
| „ | 2 | 1 | אדער | אבער |
| 5 | 1 | 12 | אפגעהלטען | אפגעהאלטען |
| „ | „ | 20 | ארומגענמען | ארומגענומען |
| „ | „ | 37 | אננעשטעלטע | אנגעשטעלטע |
| „ | 2 | 4 | זיי | זי |
| „ | „ | 25 | אהאלבען | האלבען |
| 6 | 1 | 1 | „ | „ |
| „ | „ | 3 | אום | אים |
| „ | „ | 12 | אפגפשוואכט | אפגעשוואכט |
| „ | „ | 15 | וואלט | וואלטען |
| „ | „ | 18 | איז אין דעראן | איז דעראן |
| „ | „ | 20 | דעם גאנצען | די גאנצע |
| „ | „ | 24 | האנדווערקער פון דער אַרבייט, אוידער | האנדווערקער, אוידער |
| „ | 2 | 41 | צו | צי |
| „ | „ | 51 | זאלען | זאל |
| 7 | 1 | 20 | אנגעדייבען | אנגעהייבען |
| „ | „ | 45 | סין | אין |
| „ | 2 | 11 | אסאך | אסך |
| „ | „ | 16 | איז געבליעבען | איז ער געבליעבען |
| „ | „ | 18 | איז נאך איש להרה | איז איש להכה |
| „ | „ | 38 | זהיבסע | אהיבשע |
| „ | „ | 42 | שענדליכקייט | שעדליכקייט |
| „ | „ | 48 | „ | „ |
| 8 | 1 | 32 | פיר די לאגע | פיר אונז די לאגע |
| 9 | 2 | 6 | און | אין |
| „ | „ | 14 | אום | אים |
| 10 | 1 | 8 | אונפערמיידליכקייט | אונפארטייליכקייט |
| „ | „ | 10 | ספעציפיצישע | ספעציפיש |
| „ | „ | 18 | אונזער | אונזערע |
| „ | 2 | 4 | דארף מען | דארפען מיר |
| „ | „ | 25 | צי | צו |
| „ | „ | 51 | ערפארונג | ערפאהרונג |
| 11 | 1 | 14 | האבען זיך די | האבען די |
| „ | „ | 15 | פונדעסטוועגען האבען זיי בעשלאסען | פונדעסטוועגען בעשלאסען |
| „ | „ | 22 | מוז | זוכט |
| „ | 2 | 48 | אום | אים |
| 12 | 1 | 23 | איז געגוג פונדעסטוועגען | איז פונדעסטוועגען |
| „ | „ | 37 | צו | צי |
| „ | 2 | 50 | אום | אים |